מיין בוך,
צום חשובן מענטש
לייבל סינגער
מיט גוטע ווינטשן,
פינחס [illegible]

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון קרן עמו״ס, לשכת נשיא המדינה
אליעזר פינעס־פאָנד פאַר קולטור און ליטעראַטור
דבורה וזאב וכטל אסתר ואלכסנדר אפרת
הועד של יוצאי העיירות שבסביבת קובין — מיט דער
איניציאַטיוו פון חנה גונשורוביץ־קוטובסקא

HINDE DEMBOLETZKY

NOENT UN WAIT

הינדע דעמבאָלעצקי

נאָענט און ווייט

I. L. PERETZ PUBLISHING HOUSE
14, BRENER ST. — TEL-AVIV

נדפס בישראל, תשמ"ד

©

Printed in Israel, 1984

דפוס „אור" בע"מ, תל־אביב, שדרות הר־ציון 104, טל. 822481.

# אינהאַלט

# דאָס קאַפּעלע

1

יוסי שטייט פאַרטייעט הינטער דעם פענצטער־לאָדן און קוקט אַרויס אין דרויסן, אַנטקעגן־איבער, אין אָנגעשטערנגטער דערוואַרטונג. אין די אויגן אַ היץ, די העלע האָר אַרום קאַפּעלע צעשויבערט. ער דערהערט דער מאַמעס טריט און גייט ראַפּטעם אַוועק פון פענצטער, ווי מ׳וואָלט אים געכאַפּט ביי אַ גנבה.

די מאַמע קוקט אים אָן און שאָקלט פּילדייטיק מיטן קאָפּ. זי איז פאַרטאָן אין גרייטן דעם טיש — דער טאַטע דאַרף באַלד קומען פון דער אַרבעט — אָבער וואַרפט כסדר אירע בליקן צו יוסין. פון איר קליינעם, צעקנייטשטן פּנים קוקן אַרויס אירע טיפע ברוינע אויגן, זיי נעמען אים אַדורך מיט אַ בולט־שאַרפן בליק. זי פאַרפּרעסט מיט כעס אירע ליפּן, גייט צו צום האַלב־אָפענעם לאָדן און פאַרקלאַפּט אים מיט אַ שטאַרקן זעץ.

יוסיס העל פּנים באַגיסט זיך מיט אַ רויטקייט.

פון דער מאַמעס אויגן איז אים שווער זיך אויסצובאַהאַלטן. אַלץ ווייסט זי. אין זיינע געהיימסטע ווינקעלעך קריכט זי אַריין. איין מאָל האָט זי אים געכאַפּט ווען ער איז געשטאַנען בגילוי־ראש, ער האָט קוים באַוויזן אָנצוטאָן צוריק דאָס קאַפּעלע. דאַכט זיך, אַ גאַנצן טאָג פאַרנומען מיט קאָכן און וואַשן, מיט נייען און שטריקן, מיט אָפּהיטן אַז קיין שטויבעלע זאָל נישט בלייבן אויפן מעבל און האָט נאָך צייט אים נאָכצוקוקן... ער איז דאָך שוין אַ בחור וואָס דאַרף באַלד גיין אין צבא, און זי האַלט אים נאָך פאַר אַ קינד:

„יוסי, האָסט שוין געדאַוונט?״ „יוסי, וואַש דיר די הענט!״ „יוסי, פאַרגעס נישט צו מאַכן אַ ברכה!״

„זאָל שוין זיין — ענטפערט איר יוסי אין זיינע געדאַנקען — באַלד וועט ער אַריין אין צבא און ס'וועט נעמען אַ סוף צו דעם אַלעם".

אויף היינט האָט ער זיך אָפּגעשמועסט מיט עיריתן, ער וועט גיין מיט איר שפּאַצירן צום ים. ער גרייט פאַר איר אַ סורפּריז — ער וועט זי נעמען אין אַ דיסקאָטעק. „אַ, ווי צופרידן זי וועט זיין! עירית וויל ער זאָל זיך אויפפירן מיט איר דרייסטער... אפשר שטערט אים דאָס קאַפּעלע?.. אָבער עס וועט שוין נעמען אַ סוף!" — אַזוי רעדט ער צו זיך, יוסי, ווען ער איז אַליין אין זיין צימער און לעבט איבער נאָך אַ מאָל דעם הייסן באַריר פון עיריתס הענט, איר טוליען זיך צו אים אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער... ביז אַ היץ צעפלאַמט זיך אין אַלע זיינע גלידער...

ער דרייט אויס זיין פּנים: שוין, די מאַמע שפּיזלט אים שוין ווידער אַדורך מיט אירע טיפע אויגן. זי האָט אים געכאַפּט ביי זיינע געדאַנקען... זי ווייסט פאַר וואָס ער איז היינט אַזוי פרי געקומען פון געשעפט אַהיים. זי האָט דאָך אים געזען לויערן ביים פענצטער, אַרויסקוקן...

מיט אירע מאכלים וויל זי אים איינגעמען, פאַררעדן, פאַרגיטיקן, ער זאָל נישט אַרויסקוקן צו עיריתן... אויך איצט זאָגט זי צו אים:

— יוסי, כ'האָב אָפּגעקאָכט אַ געשמאַקן פלוימען־קאָמפּאָט, כ'וועל דיר אַריינברענגען!

יוסי קנייטשט דעם שטערן; ער גייט אַריין אין זיין צימער, טוט איבער אַ ריין אייבערהעמד, קעמט זיך צו די האָר, זעצט אַרויף דאָס געשטריקט קאַפּעלע אויפן שפּיץ קאָפּ און קוקט נישט אין דער מאַמעס זייט, ווען זי ברענגט אים אַריין אַ שיסעלע קאָמפּאָט און גייט אַרויס; ער איז מיט זיינע מחשבות פון יענער זייט פענצטער, קעגן־איבער דער גאַס, וווּ עירית וועט באַלד אַרויסקומען.

פון צוויי פאַרשיידענע וועלטן זענען זיי, ער און עירית.

ער — מיטן קאַפּעלע אויפן קאָפּ, אַ שטילער, פרומער בחור, גייט יעדן שבת מיטן טאַטן אין שול אַריין דאַווענען.

זי — אָן העמונגען, אַ רעשיקע, אומרויִק ווי אַ וויכער, אַנגעלאָדן

מיט משונהדיקע קאַפּריזן, טראָגט קורצע קליידלעך און געפּאַסטע הויזן.

— די מויד איז נישט קיין „רביצין", פּונקען פּליִען פון אירע אונ־טערגעשמירטע אויגן; צוליב איר האָט ער נישט געענדיקט לערנען און דאָס געשעפט ליגט אים אין דער לינקער פּאה אויך נישט! אַלץ צוליב דער מויד! — אַזוי רעדט מען אין שטוב.

יוסין אַרט עס, אָבער פאָלגן טאַטע־מאַמע — וועט ער נישט.

פון קינדערווייז אָן חברט ער זיך מיט עיריתן. זיי לעבן הויז קעגן הויז, האָבן זיי זיך תמיד געטראָפן אין דרויסן; שפּעטער, ווען זיי זענען עלטער געוואָרן, געגאַנגען צוזאַמען שפּאַצירן, ער — שעמעוודיק און צוריקגע־האַלטן, זי — תמיד לייכט און שטיפעריש. לעצטנס איז זי געוואָרן מער צודרינגלעך: זי וויל דורכויס ער זאָל אויסטאָן דאָס קאַפּעלע, גיין מיט איר אין דיסקאָטעק. זי וויל טאַנצן. זי ברענגט אים טייל מאָל אַרויס פון געדולד מיט אירע קאַפּריזן. ער וואָלט געגאַנגען זיך לערנען טאַנצן, אָבער דאָס טאַשנגעלט וואָס ער באַקומט פון טאַטן וועט דאָך אויף דעם נישט סטייען. קען ער דען זאָגן דעם טאַטן אויף וואָס ער דאַרף נאָך געלט... שוין לאַנג ווי ער לויערט אויף דעם געלטשופלאָד אינעם געשעפט, אַרויס־נעמען, אַז דער טאַטע זאָל נישט דערקענען. דער טאַטע גלייבט אים, האָט צו אים צוטרוי — איז עס טאַקע נישט לייכט געוועזן... ביז ס'איז געקומען די גוטע געלעגנהייט.

באַלד אין דער פרי איז אין געשעפט אַריינגעקומען דעם טאַטנס אַ לאַנדסמאַן. די שימחה צווישן זייביידן איז געווען גרויס. זיי האָבן אָנ־געהויבן זיך דערמאָנען פון די קינדער־יאָרן אין יענעם פּוילישן שטעטל, פון רבין און פון חדר און אויך פון די גוייִשע רשעים. דערנאָך האָבן זיי דערציילט איינער דעם אַנדערן ווי שווער און ביטער עס איז זיי אָנגעקומען אין „הייליקן לאַנד", ווי טייער דאָס לאַנד איז זיי, און דער טאַטע האָט זיך געגרויסט מיט זיין אויפטו, דערציילנדיק ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרנומען צו אַ תכלית, בעת אַנדערע זענען נאָך געבליבן אַרבעטן ביי פלאַסטערן שאָסייען. דערנאָך איז מען אַריבער צו פּאָליטיק, צו דער לאַגע

אין לאַנד, איבערגעקייט נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל די ציַיטונג־נייַעסן, באַגלייט מיט אַכצענישן און קרעכצענישן.

דעם לאַנדסמאַן איז געפעלן אַ בגד, האָט דער טאַטע אים צוגערעדט ער זאָל עס קויפן. „איך גיב דיר דאָס אַוועק פאַרן קרן־פרייז" — האָט דער טאַטע אים פאַרזיכערט.

— האַנדלשאַפט איז נישט קיין ברודערשאַפט, קיין סך האָב איך סיי ווי נישט פאַרדינט פון אים, כ'האָב עס אים אַוועקגעגעבן בזול — האָט זיך דערנאָך דער טאַטע פאַרענטפערט פאַר יוסין.

דעם טאַטנס „שטיק" האָבן ביי יוסין אַרויסגערופן אַן עקל. „אַליין נישט קיין צדיק, רעדט ער וועגן פרומקייט מער ווי ער איז אין דער אמתן, און פון מיר פאָדערט ער..." האָט יוסי געטראַכט וועגן דעם טאַטנס מעשים. ער האָט אויסגעזוכט אין זכרון דעם טאַטנס אַנדערע חטאים, גרעסערע ווי „האַנדלשאַפט איז נישט קיין ברודערשאַפט", זיך דערמאָנט ווי דער טאַטע חנפעט זיך צו מענטשן וועלכע ער פאַרטראַגט נישט און נאָך אַנדערע. „ער וועט אים אָנלערנען דעם טאַטן! ער וועט אים טאָן צו להכעיס!"

ווען דער טאַטע איז אַוועק הינטערן פירהאַנג מיט אַ קונה, אים אָנ־מעסטן אַ בגד, האָט יוסי אַריינגעשטעקט די האַנט אינעם שופלאָד אַריין און מיט אַ לייכט געוויסן אַרויסגענומען אַ פעקל געלט.

„היינט, סוף־כל־סוף, וועט עס געשען! ער וועט פאַרברענגען מיט עיריתן אין אַ דיסקאָטעק. דאָס נאַרישע קאַפּעלע, וואָס האַמעוועט אים, וועט ער באַהאַלטן אין קעשענע (בכלל, נאָר ביז דער צבא וועט ער עס טראָגן) און זיך פילן פריי ווי אַלע אַנדערע. און צוריקגערעדט, וואָס איז ער דען — אַ ישיבה־בחור? און זיינע חתונה־געהאַטע שוועסטער פירן זיך דען נישט פריי? און אַז די עלטערן עסן נישט ביי זיי, ווייל ס'איז נישט כשר אין דער קיך, ווערן זיי נתפעל? פירן זיך די שוועסטער אויף אַנ־דערש? בלויז צו אים, צום בן־זקונימל — ,דאָס קינד' — האָבן זיי חוצפה"...

אימיצער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע און איבערגעריסן דעם שטראָם פון זיינע מחשבות. ער האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען

פּאַר זיך רפין, אַן אויסגעפּראַנטעוועטן, אין משונהדיקע בגדים, מיט אַ קאָפּ לאַנגע האָר, ביז איבער דעם קאַרק. רפי האָט זיך אָנגערופן צו יוסין מיט אַ חוזק־שמייכעלע:

— אַ טרעפונג מיט דיין חתיכה? דו וואַרטסט אויף איר? גיב זי איבער מיר, איך בין אַ גרעסערער אויסטויגער פון דיר...

יוסי האָט אים אָנגעקוקט מיט כעס.

— וועסט מיר נישט דערציילן אַז דיין עירית איז אַ צנועה, אַז זי גייט מיט דיר סתם שפּאַצירן... — ער האָט אָנגעהויבן רעדן ניבול־פּה וועגן אים מיט עיריתן, חוזק געמאַכט פון יוסיס פרומקייט און איידער יוסי האָט באַוויזן אים אָפּצוענטפערן, איז רפי נעלם געוואָרן.

רפיס ווערטער האָבן יוסין צעמישט, פאַרשעמט, געעקלט און — געררייצט...

2

זיי האָבן שפּאַצירט לענג־אויס דעם ים־ברעג.

ביים ים זענען קיין סך מענטשן נישט געווען. דאָס וואַסער איז נאָך קאַלט, כאָטש די זון וואַרעמט שוין גענוג שטאַרק אין דער צייט פון יאָר.

עירית שטעלט זיך אָפּ. זי האָט לאַנגע קאַשטאַן־האָר, ברוינע אויגן, הויכע פיס. זי וואַרפט שפּילעוודיק אַראָפּ פון זיך דאָס קלייד און בלייבט שטיין אין אַ בגד־ים, וואָס באַשטייט פון צוויי קוים אָנזעעוודיקע טיילן. יוסי קוקט אויף איר אָפּגעדעקטן גוף און דערמאָנט זיך רפיס ווערטער — טאַקע אַ משונהדיקע אויפפירונג! ווי זי ציט זיך דאָס איצט צו אים, באַוועגנדיק אַזוי קעציש מיט אירע נאַקעטע קערפּער־טיילן...

— קום זיך באָדן, האָסט מיטגענומען אַ בגד־ים?

— זיך באָדן? מיר האָבן נישט געשמועסט וועגן באָדן זיך! נישט די צייט נאָך.

— צייט... דו ווילסט זיך נישט באָדן צוליב דיין פרומקייט. אַ רבילע... אַ רבילע, ווי תמיד! שטייט און גאַפּיעט זיך אויף מיר! נאַר גאַפּיען זיך...

„רפי איז געווען גערעכט — האָט יוסי גערעדט צו זיך אַליין — זי שטייט דאָך ווי אַ לילית. אַ מיידל דאַרף זיין צניעותדיק. זי האָט זיך אויסגעטאָן, כדי מיך צו רייצן...״

עירית האָט איבערגעריסן יוסיס מחשבות:

— איך האָב ליב צו טאַנצן. איך גיי מיט אַ בחור און קען נישט גיין טאַנצן מיט אים. ער קען נישט. אַנדערע בחורים, אַפילו מיט קאַפּעלעך אויף די קעפּ, טאַנצן דווקא יאָ. דו קענסט בכלל זיך נישט אומגיין מיט אַ מיידל! האָסט מורא זיך צוצורירן צו מיר! — כ׳בין טרייף? אַ רבילע, רויטלט זיך ווי אַ מיידעלע!..

אירע אויגן האָבן בעת־מעשה געבריט דאָ מיט כעס, דאָ מיט אַן אָפּלאָכעריש שמייכעלע, אירע נאָזלעכער האָבן זיך צעעפנט, ווי זיי וואָלטן אים געוואָלט איינשלינגען, און זי האָט זיך צעוויינט.

יוסי איז געבליבן צעטומלט און באַליידיקט. ער האָט געוואָלט אַנט־לויפן און נישט געקאָנט.

— דווקא אין אים האָב איך זיך געדאַרפט פאַרליבן! דווקא אין אים!..

ווי אַ הייסע כוואַליע האָבן אירע ווערטער זיך צעגאָסן איבער אַלע זיינע גלידער. ער האָט פאַרגעסן אין דער באַליידיקונג. איר געוויין האָט אים גערירט. חנעוודיק און צאַרט האָט זי איצט אויסגעזען... „פאַר וואָס האָט ער איר נישט דערציילט אַז ער איז גרייט צו גיין מיט איר אין דיסקאָטעק — האָט ער זיך פֿירגעוואָרפן — ער האָט דאָך געלט דערצו... זאָל זי כאָטש אויפהערן וויינען״ — ער נעמט זי אונטערן אָרעם, ווייל זי צוטוליען צו זיך, זי איבערבעטן.

אָבער עירית שטויסט אים אָפּ, לויפט צו צום ים, וואַרפט אַראָפּ די סאַנדאַלן פון די פיס און גייט אַריין אין וואַסער, ביים ברעג.

יוסי בלייבט שטיין אומבאַהאָלפן — וואַרטן אויף איר, אָדער איבער־לאָזן זי דאָ אַליין? ער זעט ווי אַ בחור גייט צו צו עיריתן, זיי שמועסן און לאַכן. אַ כעס האָט זיך אָנגעצונדן אין אים אויף זיי ביידן און אויף זיך אַליין. „פאַר וואָס האָט ער איר גלייך נישט געזאָגט, אַז ער איז היינט גרייט צו גיין מיט איר פאַרברענגען, אַזוי ווי זי האָט פאַרלאַנגט. ער איז

אין כעס אויף זיך אַליין, וואָס ער קען זיך נישט אויפפירן פריי, ווי אַנדערע בחורים, ווי דער בחור אין וואַסער. אַלץ צוליב טאַטע־מאַמע..."

עירית האָט איבערגעריסן זיינע מחשבות:

— קענסט מיך דאָ איבערלאָזן און דיר גיין!

— גיין, כ'וועל וואַרטן אויף דיר...

יוסי האָט געשפּירט, אַז עירית רייצט זיך מיט אים. בכוונה שפּילט זי מיטן בחור אין באַלעם, רוקט זיך צו צו אים נאָענט און וואַרפט בעת־מעשה פאַרגנבעטע בליקן צו יוסין. אויך דער בחור קוקט אויף יוסין פון דער ווייטן מיט אַ ביטולדיק שמייכעלע. ער וואָלט אַוועק און זי דאָ איבערגעלאָזן מיט דעם בחור, ער דערמאָנט זיך אָבער אירע הייסע רייד, אַז זי האָט אים ליב, און די בליקן וואָס זי וואַרפט איצט צו אים זאָגן נאָך מער ווי די ווערטער... און ער רירט זיך נישט פון אָרט.

ערשט ווען די זון האָט זיך געזעצט נידעריק איבערן ים, און די שאָטנס זענען געוואָרן לענגער, אויסגעצויגן, האָט זי באַוויליקט אַהיים־צופאָרן מיט יוסין. זי האָט אָבער מיט אים נישט גערעדט, ווי ער וואָלט גאָר נישט געווען דערביי. אין יוסין האָט געעקבערט אַ געפיל פון קינאה: „זי האָט זיך מן־הסתם אָפּגעשמועסט מיטן בחור... דווקא היינט, ווען ער איז געווען דעצידירט צו גיין מיט איר, אַפילו..."

„נישט דאָס ערשטע מאָל ווי זי פראַוועט אַזעלכע שטיק, דערנאָך בעט זי זיך איבער... אָבער דאָס מאָל וועט ער זי אָנלערנען, זי וועט שוין קומען צו אים... און אפשר איז זי אַ ביסעלע גערעכט? — ער איז טאַקע, ווי זי זאָגט, אַ רבילע... אין גיכן וועט ער גיין אין צבא, דאָרט לערנט מען זיך אויס צו זיין דרייסט" — אַזוי' טראַכטנדיק איז יוסי אַריינגעקומען אין שטוב.

דער טאַטע האָט אים באַגעגנט מיט אַ פראַגע:

— האָסט נישט באַמערקט, צי מנחם, מיין בן־עיר, האָט מיר באַצאָלט פאַרן בגד? דאָס געלט האָט געפעלט אין שופלאָד, כ'וועל אים טעלעפאָנירן, ער האָט זיכער פאַרגעסן צו באַצאָלן.

יוסי איז צעטומלט געוואָרן און, אָפּווענדנדיק די אויגן אין אַ זייט, געענטפערט:

— ניין, נישט געזען.

— אַז ס׳קומען אַריין עטלעכע קונים מיט אַ מאָל, קויפן נישט, דרייען בלויז אַ קאָפּ, ווערט מען צעדולט, דו דאַרפסט זיין מער מיט מיר אין געשעפט, איך גיי טעלעפאָנירן צו מנחמען.

דער טאַטע קוקט אויף יוסיס אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אויף זיין בלאַסן פּנים און אויסגעלאָשענע אויגן און טראַכט דערביי, אַז „דאָס איז מסתמא צוליב דער מויד. זי דאַרף אויך בקרוב אַריין אין צבא, פּונקט ווי ער. אפשר וועט שוין ווערן אויס צווישן זיי. אַ סוף צו דער ליבעניש. ווייַ, וויי, נאָך אַ קינד... איצט, אין אַזאַ אומרויִקער צייט, אין צבא, ס׳זאָל זיך נאָר אויסלאָזן צום גוטן! הלוואי, רבונו־של־עולם! זיי שאַרפן שוין ווידער די ציין אויף אונדז...״

— יאָ, דאָס בין איך, דו דערקענסט מיך? וואָס קוקסטו אויף מיר? יעדן טאָג שטייט אויף דער טאַטע באַגינען, דאַוונט אין טלית און אין תפילין, שטיל, נישט אויפצוּוועקן דאָס בני־בית. דערנאָך שליסט ער איין דעם ראַדיאָ, הערט די נייעס און קוקט אַריין אין יוסיס צימער — פאַרשטייט שוין יוסי אַז ער דאַרף אויפשטיין דאַוונען.

דער טאַטע שעפּט נחת פון זיין זון. ער האָט אים שטאַרק אָפּגעהיט, דעם בן־יחיד, ער זאָל נישט זיין ווי די היינטיקע בחורים. ער האָלט אים ווי מיט צוואַנגען פון קינדווייז אָן, ער זאָל זיך פירן ווי אַ כשרער ייִד. געשיקט אים לערנען אין אַ תלמוד־תורה, אויסער דער וועלטלעכער שול, — פירט ער זיך אויף, ברוך־השם, גוט.

„אַוודאי דאַרף מען נישט איבערטרייבן — טראַכט ביי זיך דער טאַטע — נישט שטעלן אים פאַר אַ נסיון, מען קען, חלילה, געשטרויכלט ווערן. אַ בחור אין זיינע יאָרן... אַנדערע צייטן היינט. דערצו נאָך מיט אַזאַ מויד ווי עירית... און פאַר וואָס דווקא זי? — האָט ער שוין נישט איין מאָל אַריינגעטענהט מיט יוסין, עס פעלן דען מיידלעך — אָבער עס העלפט נישט! מילא — האָפט נאָך אַלץ דער טאַטע — אַז עס וועט זיך

אים טרעפן עפּעס רעכטס, וועט ער זי איבערלאָזן. סוף־כל־סוף, מיטן איבערשטנס הילף, וועט ער פאַרשטיין, אַז זי איז נישט פאַר אים. און אַז אַ יינגל גייט שפּאַצירן מיט אַ מיידל, דאַרף ער מיט איר באַלד חתונה האָבן — פירט שוין איצט דער טאַטע דעם וויכוח מיט דער מאַמען — מאַמעס זעען אַלץ מיט פאַרגרעסערטע אויגן. זי זאָגט: ,דאָס איז אַ ליבע און צוליב דעם מיידל גייט ער ווייניק אין געשעפט אַריין׳. יאָ, דאָס געשעפט. אַלץ איז דאָרט איינגעשטעלט, איינגעאָרדנט, דער וועג אויס־געטראָטן, גרייט פאַר יוסיך, ער דאַרף עס נאָר פירן ווייטער. דערווייל האָט ער נאָך קנאַפּ חשק דערצו. ער איז נאָך יונג. נאָך דער צבא וועט ער קומען צום שכל, ער וועט שוין וועלן..."

און אָט פירט שוין דער טאַטע ווידער דעם וויכוח מיט זיך אַליין, גריבלט זיך אַלץ טיפער און טיפער אין זיינע פאַרבאָרגענע מחשבות:

„און ער אַליין, איז ער דען געגאַנגען אין זיין טאַטנס וועגן? טראָגט ער דען אַ באָרד און פיאות, ווי דער טאַטע ע"ה? דער טאַטע, יוסיס זיידע, איז געגאַנגען אויף אַ גלייכן דרך, געווען אַ שמח־בחלקו מיט זיין קנאַפּער חיונה, געווען אַ בעל־בטחון, געגלייבט, אַז גאָט פירט אים ביי דער האַנט, אַז גאָט האָט פאַר אים אָנגעצייכנט דעם דרך, און דערפאַר האָט ער לייכט געקענט גובר זיין דעם יצר־הרע.

אָבער ער אַליין האָט זיך שוין פון אָט דעם דרך דערווייטערט. פאַר־בליבן נאָר אַ נישט־קלאָרע בענקשאַפט און אַ סך בילבולים אין קאָפּ. פּלאָנטערט ער זיך, געפינט נישט דעם אמתן וועג, וואַקלט זיך אַהין און אַהער; יאָגט זיך נאָך געלט, גייט אַ מאָל אַריין אין אַ קינאָ, שפּילט אַ קערטל, איז נישט מקפּיד אויף אַ סך הייליקייטן, נישט ביי זיך, נישט ביי זיינע עלטערע קינדער — יענע זענען שוין אַוועק אויף גאָר אַן אַנדערן וועג, און די אייניקלעך, די קינדער פון זיינע טעכטער — אַוודאי"...

3

יוסי איז מיד פון די נישט־דערשלאָפענע נעכט. דאָס פּנים בלאַס און פאַרוואָלקנט. שוין טעג ווי עירית מיידט אים אויס, זוכט תירוצים, זיך

נישט צו טרעפן מיט אים. נעכטן האָט ער זי געזען מיט רפין... די עלטערן וועלן צופרידן זיין... ער דערלאָזט נישט אַפילו דעם געדאַנק... היינט האָט ער זי גערופן, ווען ער האָט זי דערזען פאַרן הויז:

— עירית!

— אַ שיינער טאָג היינט, האַ? עס רעגנט נישט, די זון שיינט? אין געשעפט דיינעם מסתמא פאַראַן אַ סך אַרבעט? האָסט נישט פאַרגעסן, חס־וחלילה, צו דאַוונען? איך — מיט אַזאַ רבילע! כאַ־כאַ־כאַ, ס'איז צום לאַכן! — אָט מיט אַזאַ מענה־לשון איז זי אַרויס, אַנקוקנדיק אים מיט חוזק, און איז אַוועק צו זיך אין שטוב אַריין.

זי איז גיך אַרויס צוריק און אים צוגעוואָרפן עטלעכע ביכער און אַן איינגעבראָכענע גראַמאָפאָן־פּלאַטע — די מתנות וואָס ער האָט איר געגעבן.

זיי האָבן ביידע ליב געהאַט צו הערן די פּלאַטע, ווען זיי זענען געווען באַנאַנד. איצט איז די גראַמאָפאָן־פּלאַטע צעבראָכן...

4

דער טאַטע איז געקומען פון געשעפט אַן אויפגערודערטער, די גרוי־בלויע אויגן פאַרזאָרגט, קוקן אַרויס פאַרלוירן. ער טוט אויס דעם שוואַרצן קאַפּעליוש, טוט אָן די יאַרמלקע אויף די שיטערע גרויע האָר און זעצט זיך אַריין אין לענשטול, אַנשטאָט צו גיין זיך וואַשן, ווי שטענדיק פאַרן עסן, און רעדט צו זיך אַליין:

— מנחם איז געווען אין געוועלב. ער פאַרזיכערט, אַז ער האָט באַצאָלט פאַרן בגד. אויב אַזוי, טאָ פאַר וואָס האָט געפעלט פּונקט די דאָזיקע סומע? גיי ווייס... מנחם... מיר קענען זיך דאָך פון קינדווייז אָן! ניין, עס קען נישט זיין!... אויב אַזוי פאַרשטיי איך נישט...

די ווערטער פאַלן ווי שווערע שטיינער אויף יוסיס קאָפּ. ער זיצט ווי פאַרגליווערט, רופט זיך נישט אָפּ מיט קיין וואָרט. און די מאַמע — די מאַמע קוקט שוין מיט פאַרשנדיקע בליקן אויף יוסין, ווי זי וואָלט אַריינגעקראָכן מיט אירע אויגן אין זיין געוויסן אַריין, ווי זי וואָלט געזען

וואָס דאַרטן טוט זיך... דער טאַטע רעדט ווייטער, אָבער איצט ווענדט ער זיך דירעקט צו יוסין:

— נו, האָסט געהערט די חדשות? געלייענט די צייטונג? מען דאַרף האָבן בטחון, זיי וועלן זיך נישט דערוועגן, זיי דראָען בלויז מיט מלחמה...

יוסי קומט צו זיך, שטעלט זיך האַסטיק אויף און פאַרלאָזנדיק דעם צימער ענטפערט ער דעם טאַטן מיט רוגזה:

— וואָס טרייסטו מיך? וואָס קרעכצט איר אַלע? איר האַלט מיך פאַר אַ זויגקינד... וואָס בין איך, אַ פּחדן?...

5

היינט איז שבת. די שטילקייט אין שטוב איז נישט פאַר יוסיס געמיט. עס איז אים נימאס דאָס זיצן אַ גאַנצן טאָג אין שטוב. קיין ראַדיאָ עפנט מען נישט, דער טעלעפאָן־אַפּאַראַט איז אויסגעשלאָסן, מען עסט דאָס נעכטן צוגעגרייטע עסן, מען טרינקט דעם נעכטן צוגעגרייטן טיי, און די מאַמע איז פאַרנומען מיט אירע נאַרישע קלייניקייטן: צי די עוגה איז געראָטן, צי די קיכעלעך פאַר די טעכטער זענען געגנוג באַטעמט... „נישט זיי לעבן ווי געהעריק, נישט זיי לאָזן אים לעבן לויט זיין פאַרשטאַנד" — אַזוי טראַכט יוסי יעדן שבת.

דער היינטיקער שבת איז אַנדערש פון אַלע שבתים: אין דער שבת־דיקער שטילקייט פילט זיך אַן אָנגעשטרענגטע אומרויִקייט. דעם טאַטנס אָפּגעבליאַקעוועטע אויגן זענען פאַרצויגן מיט אַ דינעם וואָלקן, די גלייכע נאָז איז אויסגעצויגן מער ווי אַלע מאָל, און דאָס איינגעפאַלענע מויל, מיט די טיפע ווינקלקנייטשן, ציטערן ביי אים אָן אויפהער ביים לייענען דעם „הצופה" און ביים צוהערן זיך צו די נייעס, וואָס דערגרייכט אַהער פון די אָפענע ראַדיאָ־הילכערס פון די שכנותדיקע הייזער: „אונדזערע שונאים מאַכן שוין ווידער יד־אחת, כדי צו פאַרטיליקן אונדז..."

דער היינטיקער שבת איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע שבתים. ווייל טאַטע־מאַמע טוען אַלץ כדי יוסין צופרידנצושטעלן. דער טאַטע דערמאָנט

אים נישט דאָס דאַוונען, גלעט אים מיט זיינע בליקן און שוויגט. און דאָס שווייגעניש איז אָנגעפילט מיט יוסיס אַוועקגיין אין צבא, כאָטש קיינער רעדט נישט וועגן דעם. די מאַמע פאַרעט זיך אַרום אים אָן אויפהער, קוקט אויף אים מיט פאַררויטלטע אויגן און זיפצט, דערלאַנגט אים אַ גוטן ביסן און זיפצט... אויך די אײדעמס וועלן מוזן גיין. אין האַרצן איז זי פול מיט געבעט צו גאָט, ער זאָל שומר־ומציל זיין דאָס יידישע פאָלק פון די בלוטיקע שונאים, ער זאָל באַשיצן אירע קינדער...

יוסי פילט זיך היינטיקן שבת בעסער ווי אַלע מאָל. היינט האָט זיך ביי אים דערוועקט אַ ליבע־געפיל צו טאַטע־מאַמע. ער האָט רחמנות אויף דער מאַמען. ער איז איר מוחל דאָס נאָכקוקן אים. אַפילו איצט, אין אַזאַ אָנגעשטרענגטער צייט, גיט זי אַכטונג, צי קוקט ער נישט אַרויס, חלילה, דורכן פענצטער, אָקעגן־איבער...

די מאַמע איז גערעכט. יוסיס געדאַנקען זענען פאַרנומען מיט עיריתן. ער קען זי נישט פאַרגעסן. עס פאַרדריסט אים וואָס מען רעדט איצט שלעכטס וועגן איר, צוליב איר „אַרומשלעפן“ זיך מיט רפין, און גלייכ־צייטיק איז ער צופרידן: „גוט אויף איר, ס׳קומט איר, ער וועט זיך געפינען אַ בעסער מיידל און ער וועט נאָך נקמה נעמען אין איר... און בכלל, אַרט זי אים שוין נישט מער. היינט זענען פאַראַן וויכטיקערע זאַכן. מען גראָבט שוצגראָבנס, מען בויט בונקערס, מען גרייט זיך צו אַ מלחמה...

6

ווי אַן עלעקטרישער שטראָם האָט אַ ברי געטאָן די ידיעה און זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן לאַנד, איבער יעדער יישוב — אין יעדן הויז אַריין. מען האָט געוווּסט, מען איז געווען גרייט, און דאָך איז אַלץ געשען אַזוי אומגעריכט, אַזוי בליץ־שנעל זיך אָנגעהויבן און פאַרענדיקט. טעג פון שפּאַנונג און איבערמענטשלעכער גבורה האָבן זיך מיט אַ מאָל איבער־געגאָסן אין טעג פון איבערמענטשלעכער פרייד, געמישט מיט טרויער אין

אַ סך יידישע הייזער. פרייד און טרויער האָט נישט אויסגעמיטן אויך יוסיס שטוב.

7

...נאָך לאַנגע און שווערע חדשים אין שפּיטאָל האָט זיך יוסי צוריק־געקערט אַהיים אַן אָפּגעצערטער, מיט טונקעלע שאָטנס אונטער די אויגן, אַן ערנסטער, דערוואַקסענער, און אויף איין פוס...

ער דערציילט נישט־גערן וועגן זיינע איבערלעבונגען, ער וויל נישט רעדן וועגן דעם, ער קען דאָס נאָך אַליין נישט פאַרדייען. מען זאָגט אַז ער האָט באַוויזן גבורה, זיך אויסגעצייכנט, איינגעשטעלט זיין לעבן. וואָס איז אַזוינס גבורה? — ער דאַרף זיך אין דעם פונאַנדערקלייבן, און אין נאָך אַ סך, אַ סך פראַגעס וואָס האָבן איצט, נאָך דעם וואָס עס איז געשען, באַקומען אין גאַנצן אַן אַנדער באַטייט.

ער שטייט ווידער, ווי אַ מאָל, ווען אַלץ איז געווען אַזוי פשוט און קלאָר, ביים האַלב־אָפענעם פענצטער־לאָדן און קוקט אַרויס אַקעגן־איבער, כאָטש ער ווייסט אַז עירית איז דאָרט נישטאָ, זי איז אין צבא. ער טראַכט מיט פאַרדראָס, אַז זי איז אַפילו נישט געקומען אים באַזוכן אין שפּיטאָל. און רפי? ווי קען מען שוין איצט זיין אין כעס אויף אים? נישטאָ מער רפי... ווייזט זיך אַרויס, אַז זיינע ווויל־יונגערישע שטיק, דער משונהדיקער הולך און די ניבול־פה — זענען געווען בלויז פאָזע... אויך אויף אָט דער פראַגע דאַרף ער נאָך געפינען די ריכטיקע תשובה, ווייל דער אמתער רפי, אַ לויטערער און מענטשלעכער, האָט זיך אַנטפּלעקט ערשט בעת אַן ערנסטן אויספּרוּוו, ווען דאָס לעבן איז געשטאַנען אין קאָן. זיי זענען געווען אין איין איינהייט, געקעמפט האַנט ביי האַנט. אונטער אַ האָגל פון פייער האָט ער יוסין, אַ שווער פאַרוואונדעטן, אַרויסגעטראָגן פון שלאַכטפעלד, און אַליין באַצאָלט מיט זיין לעבן.

און ווידער, ווי אַ מאָל, אין דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען יוסי איז נאָך געווען „דאָס קינד", נעמט אים די מאַמע אַדורך מיט אירע פאַרשנדיקע בליקן, ווען ער שטייט ביים פענצטער...

— דער שטן־מקטרג איז שוין דאָ, געקומען אויף שבת, זי וועט ווידער לויערן אויף דיר, ווי אַ קאַץ אויף אַ פייגעלע, — רעדט די מאַמע מיט כעס.

„נאַרישע מאַמע — טראַכט יוסי — נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. זי האָט מיך נישט געוואָלט פריִער, אַ גאַנצן, מיטביידע פיס, וועט זי איצט... און בכלל, שטייט ער גאָר ביים פענצטער בלויז פון געוווינטשאַפט...“

8

יוסי איז אַרויס אין גאַס. זיין גאַס, זיינע טראָטואַרן, זיינע ביימער, אויף דער רעש פון די דורכלויפנדיקע אויטאָס איז זיינער. דאָ זענען אַדורך זיינע קינדער־יאָרן, זיין יוגנט. מיט דער פולער ברוסט אָטעמט ער אַריין אין זיך די וואַרעמע לופט, די פרייד פון לעבן. דער בלויער הימל, די גלעטנדיקע זון, נעמען אים אויף מיט צעשפרייטע אָרעמס, מיט ליבשאַפט, ווי אַן אייגענעם... די מאַמע איז אַרויס נאָך אים.

און נאָך איידער יוסי האָט באַוויזן צו ענטפערן אויף אַלע האַרציקע באַגריסונגען פון די פאַרבייגייענדיקע שכנים און באַקאַנטע, האָבן צוויי ווייכע, איידעלע הענט זיך אַרומגעקלאַמערט אַרום זיין האַלדז:

— יוסי, מיין טייערער, מיינער... מיינער...

באַרוישט פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש מיט דעם זיסן, באַגערטן גוף, וואָס האָט זיך צוגעדריקט צו זיינעם, האָט יוסי נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען קיין וואָרט. ער האָט זיך לאַנגזאַם, ווי נישט־ווילנדיק, באַפרייט פון אירע אָרעמס און מיט אַ בלאַסן שמייכל איר אַריינגעקוקט אין פאַר־ברוינטן פנים, באַטראַכט אירע קורץ־געשוירענע האָר, די מיליטערישע קליידער, וואָס האָבן צוגעגעבן חן איר שלאַנקן גוף. ער האָט זי אויפ־גענומען, ווי ער האָט אויפגענומען די גאַס, ווי אַ טייל פון זיין לעבן, פון זיין קינדהייט און פון אים אַליין. און ווען ער האָט דערפילט, אַז זיין שווייגן דויערט צו לאַנג, אַז ער דאַרף זיך אָפּרופן כאָטש מיט אַ וואָרט — האָט ער איר באַוויזן זיין אַמפּוטירטן פוס...

— איך ווייס עס, יוסי, איך ווייס עס שוין פון לאַנג... זיי מיינער, אַזוי ווי דו ביסט... זיי אַפילו אַ רבילע... אַלץ נאַרישקייטן... פאַרגעס די קאַפריזן, כ'האָב אַזוי געבענקט צו דיר!...

אין מיטן דעם הייסן פליסטער האָט זיך די מאַמע אַריינגעשטעלט צווישן זיי. עירית איז אָפּגעשפרונגען ראַפּטעם, ווי מ'וואָלט זי געכאַפּט ביי אַ גנבה, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, יוסי' זאָל נישט זען אירע טרערן, אַריבער אויף דער אַנדער זייט גאַס.

— נו, שוין ווידער דאָס אָנשיקעניש — האָט זיך די מאַמע געבייזערט — פריִער האָט זי רק געוואָלט אַריינקומען צו דיר אין שפּיטאָל, דערנאָך אין שטוב. כ'האָב איר געזאָגט, זי זאָל זיך אָפּטראָגן. מיר דאַרפן זי נישט...

# דער זיווג

זינט די משפּחה מיט די טונקעלע פּנימער און פרעמדער שפּראַך האָט זיך אַריינגעצויגן אין שכנות מיט די געלמאַנס האָט זי צוגענומען ביי זיי די רו.

די געלמאַנס זענען געקומען פון אַ דרום־אַמעריקאַנער לאַנד, ווו מען היט אָפּ די נאָכמיטיק־רו, מען שלאָפט די „סועסטאַ״ — און דאָ לויפן אַרום די קינדער פון די שכנים, ליאַרעמען און זעצן מיט די טירן. עס העלפט נישט דאָס שרייען אויף זיי, דאָס באַשטראָפן זיי, און אַז מען גיט זיי אַ מאָל אַ שטויס אָדער אַ יאָג אַוועק — ענטפערן זיי מיט נאָך אַ גרעסערן געפילדער.

די געלמאַנס וואָלטן אַנטלאָפן פון דאַנען, אָבער וווהין? די דירה האָבן זיי באַקומען צוגעטיילט ווי נייע עולים. וועט מען זיי דען געבן אַן אַנדער דירה? ווידער אַרומלויפן איבער די משרדים? די דירה וואָס זיי האָבן איז זיי געגנוג שווער אָנגעקומען.

און דווקא באַגריסן זיך מיט זיי די ליאַרעמדיקע שכנים זייער פריינדלעך. פאַראַן העפלעכקייט און הכנעה אין זייער באַגריסן זיך. אַנומלטן איז חנה געקומען פון מכולת מיט אַ שווערן קויבער, פונקט ווען דער שכן איז אָנגעקומען — האָט ער איר אַרויסגענומען דעם קויבער פון האַנט און צוגעטראָגן ביז צו דער טיר.

חנה האָט פון דעם באַקומען קוראַזש זיך דורכצושמועסן מיט די שכנים וועגן זייער ליאַרעמען. זי האָט זיי געהערט רעדן אויף לאַדינאָ, כמעט ענלעך צו שפּאַניש, וועט דאָך נישט זיין שווער זיך צונויפצורעדן מיט זיי... האָט טאַקע חנה אָפּגעוואַרט די שכנה פון אויבן, די ברייט־פּלייציקע גוטמוטיקע אַלעגראַ און זי באַגריסט אין שפּאַניש און גלייך צו צום עיקר. גערעדט צו איר אידל, מיט אַ שמייכל אויפן פּנים.

אַלעגראַס פרומע אויגן האָבן זיך צו ערשט אַ ביסל פאַרוואָלקנט,

דערנאָך האָט זיך אין זיי אָנגעצונדן אַ הייליק־גוטמוטיק פייערל און זי האָט זיך צערעדט:

— מיינע קינדער? אויגן מיינע, קליינוואַרג, געזונט זאָלן זיי זיין און לעבן זאָלן זיי מיר! דער אין הימל זאָל זיי שומר־ומציל זיין! שווער זיי צו באַהערשן. זיי באַקומען קלעפּ. דאָס האַרץ טוט ווי, ווען איך מוז זיי שלאָגן. די גרויסע, די צוויי מיידלעך, ווי נאָר זיי שטייען אויף, עפענען זיי דעם ראַדיאָ... כ׳וועל זיי זאָגן, שכנה, הלוואי זאָל דער אין הימל העלפן, זיי זאָלן זיך צוהערן צו מיינע רייד. יונגע קינדער, יאָ, יאָ, שכנה, מיר ווילן קיינעם קיין עוולה נישט טאָן, אָבער קינדער זענען אַזוי. זיי זענען מיין האַרץ, מיינע אויגן, געזונט זאָלן זיי מיר זיין און לעבן זאָלן זיי מיר!...

דאָס וואָס די געלמאַנס האָבן נישט געקענט אויפטאָן — געפינען אַ פאַרשטענדעניש מיט די שכנים — האָט אָן שום מי דערגרייכט זייער זון בעני.

ער האָט זיך פאַרקוקט אויף שושנהן, אַלעגראָס און ניסימס טאָכטער. פאַראַן אויף וואָס צו קוקן... אַ שיינהייט איז זי, שושנה: אַ טונקל־סאַמעט פּנים מיט צוויי גרויסע שוואַרצע מאַנדלאויגן, הויך און שלאַנק, און אַ קאָפּ מיט שוואַרצע האָר, וואָס כוואַליען זיך איבער איר געטאָקטן האַלדז ביז צו די פּלייצעס. איז אַ וווּנדער וואָס בעני נעמט נישט אַראָפּ זיינע אויגן פון איר?... און טרעפט זי „על־פּי צופאַל״ יעדן טאָג אין דרויסן? און שושנה, שוין געוווינט צו דעם אַז בחורים פרעסן זי מיט די אויגן, ענטפערט קאָקעטיש אויף זיינע צושטייענדיקע בליקן.

און אָט האָט שוין בעני אָנגעהויבן אַריינקומען אין שטוב צו דער משפחה פון די ספרדים. יעדער מאָל ווען בעני קומט אַריין, בעט אַלעגראָ אים זיצן, צושטעלנדיק אים דעם פאָטעל, וואָס איז איבערגעצויגן מיטן געבלימלטן געוואַנט. זי צינדט אָן דעם גרויסן זשיראַנדאָל, כאָטש עס איז נאָך ליכטיק, נעמט אַרויס פון דער גרויסער קאָמאָדע אַ טאַץ מיט קיכעלעך און שטעלט אויפן טיש. דאָס גאַנצע הויזגעזינד קוקט מיט דרך־ארץ אויפן „שיכענאַז״, אַלע שמייכלען צו אים הכנעהדיק און שושנה האָט הנאה וואָס געקומען איז ער אייגנטלעך צוליב איר.

בעניס עלטערן קרימען מיט די נעז, זענען ברוגז אויפֿן זון. דער שלימזל גייט זיי נאָך. דאָרטן, אין יענעם לאַנד, האָבן זיי איבערגעלאָזט אַ טאָכטער. זי האָט געוואָלט פֿאָרן קיין ישראל, די טאָכטער, — האָבן טאַטע־מאַמע געמאַכט אַ גוואַלד: צוויי אויסגעציטערטע קינדער פֿאַרמאָגן זיי, דאָס גאַנצע נחת און פֿרייד! ניין, זי טאָר זיי נישט פֿאַרלאָזן, דאָ דאַרף זי בלייבן, אַלע דאַרפֿן זיין צוזאַמען דאָ, אין דעם לאַנד ווו זיי זענען געבוירן.

די טאָכטער איז טאַקע קיין ישראל נישט געפֿאָרן, אָבער נישט צוליב די עלטערן — זי האָט זיך פֿאַרליבט אין העקטאָרן, און העקטאָר איז נישט קיין ייִד און ער האָט גאָר נישט בדעה צו פֿאָרן קיין ישראל. זיי וווינען צוזאַמען ווי מאַן און ווייב.

ווען בעני האָט פֿאַרלוירן דעם חשק צו שטודירן אַלס אינזשעניר און געוואָרן אַן עלעקטריקער, זיך געקליידט אין משונהדיקע מלבושים און פֿאַרלאָזן זיך אַ בערדעלע, האָבן די עלטערן געזיפֿצט, געהאַט פֿאַר־דראָס. זיי האָבן זיך אָבער געטרייסט, אַז זייער זון איז נישט דער אייב־ציקער, אַזאַ מאָדע ביי די יונגע איצטער. און ווען בעני האָט אַ געוויסן טאָג מודיע געווען די עלטערן, אַז ער וויל פֿאָרן קיין ישראל, האָבן זיי שוין מורא געהאַט אים אָפּצורעדן, ס׳זאָל נישט געשען מיט אים דאָס אייגענע וואָס מיט דער טאָכטער.

מאיר און חנה האַלטן נישט פֿון פֿרומקייט, זענען נישט קיין גלייביקע, אָבער נאָך דעם ווי מאַרטאַ האָט זיך פֿאַרפֿלאָנטערט מיט העקטאָרן, האָבן זיי נישט איין מאָל געטראַכט, אַז דאָס איז די שטראָף פֿאַר זייער זינד, וואָס זיי האָבן מאַרטאַן אָפּגערעדט צו פֿאָרן קיין ישראל, און זיי האָבן באַשלאָסן עולה צו זיין צוזאַמען מיטן זון. זיי באַדויערן נישט זייער קומען אַהער, אַדרבא, זיי זענען שטאָלץ מיטן אייגענעם לאַנד, און ווען בעני פֿאַרדרייט זיך נישט מיט דער שוואַרץ־אויגיקער שכנה, וואָלטן זיי זיך געפֿילט דאָ גליקלעך.

ניסים און אַלעגראַ האָבן שוין דערשפּירט וואָס עס טוט זיך ביי בעניס עלטערן. די געלמאַנס קוקן קרום אויף זיי, באַגריסן זיך קוים, קוים. די

שיכענאַזים האַלטן זיך פאַר יחסנים... אַוודאי וואָלט בעסער געווען ווען שושנה פאַרליבט זיך אין אַן אייגענעם, און פטור פון זייער קרימען מיט די נעז. אָבער אויב עס איז אַזוי געשען איז עס מסתמא פון הימל. בעני איז אַ שיינער און שטילער בחור, נישט קיין שוויצער. די שיכענאַזים זענען גוטע מענער, באַציִען זיך מיט כבוד צו זייערע ווייבער, טרינקען נישט קיין אַראַק, זענען אַרבעטזאַם, און שושנה איז דאָך פאַרליבט אין בענין. האָבן אַלעגראַ און ניסים מיט כבוד אויפגענומען בענין און צו ליב געטאָן זיינע עלטערן — געקויפט פאַר די קינדער שיכלעך מיט גומענע זוילן, זיי זאָלן נישט טראַסקען אַזוי בעתן אַרומלויפן אויף די טרעפ.

און ווען בעניס עלטערן האָבן שוין משלים געווען, מיט אַ שווער געמיט, געטראַכט: „מסתמא איז אַזוי באַשערט" און ווידער זיך אָנגעהויבן באַגריסן מיט די ספרדישע שכנים, און שושנהס עלטערן האָבן געשיינט פאַר נחת — זיך משדך צו זיין מיט אַזאַ בכבודיקער משפחה, אַריינגעמען אַזאַ בחור ווי בעני, ער זעט דאָך אויס ווי אַ דאָקטאָר — פונקט דעמאָלט האָט זיך שושנה אָנגעהויבן אויסדרייען מיט דער פלייצע צו בענין, ווי זי וואָלט אים נישט געזען, נישט געקענט.

בעני גייט אַרום אַ פאַרקלעמטער, וואַרט אַז שושנה זאָל זיך צוריק־קערן צו אים — זי האָט דאָך אים אַרויסגעוויזן אַזוי פיל ליבשאַפט — אָבער שושנה מיידט אים אויס, ווערט פאַרפאַלן פון שטוב אויף לאַנגע שעהען. אירע עלטערן קוקן אויף איר מיט כעס, און מיט רחמנות און פאַרלעגנהייט אויף בענין. אויך שושנהס שוועסטער, כרמלה, ווייזט אַרויס מיטלייד צו בענין, גלעט אים מיט אירע וואַרעמע, גוטמוטיקע אויגן.

כרמלה איז אַ קליינוווקסיקע, ברייטפּלייציקע, ווי איר מאַמע, מיט אַ ברייטלעך פנים און אַ ברייט, קורץ נעזל. זי באַמיט זיך אויסצוזען העכער און שלאַנקער, אָבער סיי ווי געלינגט איר נישט צו פאַרמאַסקירן אירע אַ ביסל פאַררונדיקטע פלייצעס, ווען זי גלייכט אויס איר גוף, אָדער ווען זי ציט זיך אין דער הייך בעתן גיין.

— דו ווייסט — דערציילט זי בענין, ווי זי וואָלט אים וועלן פאַר־גיטיקן פאַר דער עוולה וואָס איר שוועסטער איז באַגאַנגען לגבי אים —

שושנה גייט מיט אַן אַמעריקאַנער היפּי. יענער גיט איר זשורנאַלן מיט אויסגעלאַסענע בילדער, כ׳האָב געזען, זיך געשעמט צו קוקן... אַ טיפּשה, דיך בייטן אויף יענעם...

בעני האָט אויפגעציטערט, זי אָנגעקוקט, געזען טרערן אין אירע אויגן.

— אַלע זענען מיר אויסער זיך פון פאַרדראָס, איך, דער טאַטע, און די מאַמע. דער טאַטע האָט זי געפּאַטשט. יענער איז אַ סטודענט, אַזוי זאָגט זי. כ׳האָב אים געזען וואַרטן אויף איר אין גאַס. ער גייט משונהדיק אָנגעטאָן. דער טאַטע זאָגט אַז ער וועט זי פאַרטרייבן פון שטוב. זי איז געוואָרן אויסגעלאַסן. די מאַמע וויינט...

צו מאָרגנס האָט אים כרמלה אָפּגעוואַרט אין דרויסן. איר פּנים בלאַס פון צער און די אויגן רויט פון וויינען:

— כ׳ווייס ווען דו קומסט פון דער אַרבעט, ווען דו גייסט צו דער אַרבעט, כ׳ווייס, בעני, און... כ׳האָב דיר געוואָלט זאָגן: דער טאַטע האָט זי... שושנהן פאַריאָגט פון שטוב. די מאַמע און איך האָבן זיך איינגע־שטעלט פאַר איר, נישט געלאָזט זי אַרויסטרייבן. ס׳האָט נישט געהאָלפן. זי איז שפּעט ביי נאַכט אַהיימגעקומען שיכור...

— שיכור, אַהיימגעקומען שיכור? — האָט בעני איבערגעפרעגט.

— מיר אַלע האָבן דיך ליב, בעני, איך... דער טאַטע און די מאַמע...

בעני איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט, נישט געענטפערט, נישט אויפ־געהויבן דעם קאָפּ אַפילו, נישט רעאַגירט אויף כרמלהס מיטפילנדיקע רייד, זיך פלוצעם אָפּגעריסן פון אָרט און אַוועק אַהיים.

טאַטע־מאַמע האָבן פון צייט צו צייט געוואָנדן צו אים זייערע שטומע, פאַרשנדיקע בליקן. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז ס׳איז אויס מיט שושנהן און אָפּגעאָטעמט לייכטער:

„געלויבט צו גאָט! קיין גרעסערער אומגליק זאָל אונדז נישט געשען...״

*

יעדן טאָג, ווען בעני קומט פון דער אַרבעט, וואַרט שוין אויף אים כרמלה ביים אַריינגאַנג אין הויז. זי באַגעגנט אים מיט אַ הכנעהדיקן,

ליכטיקן שמייכל אויף איר פּנים, און שטאַמלט צו אים אומשייכותדיקע, האַרציקע ווערטער, פּרווונדיק יעדעס מאָל פאַרבינדן מיט אים אַ געשפּרעך.

זי איז נישט אַזוי שיין ווי איר עלטערע שוועסטער, דאָך איז זי חנעוודיק, כרמלה. אירע ברוינע אויגן קוקן אַזוי אָפן און פרום, פּונקט ווי ביי איר מאַמען. אַז זי רעדט, איז ווי זי וואָלט זיך געבעטן מען זאָל זי גלייבן. די מאַמע זאָגט וועגן איר, אַז זי האָט אַן אַלט געמיט, כאָטש זי איז יינגער פון שושנהן סך־הכל מיט אַ יאָר. זי איז נישט אַזוי שלאַנק און שיין ווי שושנה, אָבער אַ בריה אין רוימען און קאָכן — מער פון איר שוועסטער, און אַלע זענען שטאָלץ מיט איר.

די גאַנצע שכונה ווייסט שוין, אַז שושנה איז אַוועק קיין אילת מיטן אַמעריקאַנער. אין שושנהס שטוב האָט זיך אָפּגעטאָן חושך. די עלטערן שעמען זיך פאַר די שכנים. די מאַמע וויינט אויס אירע אויגן.

און כרמלה לויערט אויף בעניך. וואָס ווייטער אַלץ מער צודרינגלעך. זי דערציילט אים אַז די שוועסטער וועט חתונה האָבן מיטן אַמעריקאַנער, ס׳דאַרף אַ ביסעלע געדויערן. ער דאַרף באַקומען פּאַפּירן פון אַמעריקע. צוליב זיינע פּאַפּירן האָבן זיי נישט חתונה — אַזוי האָט געשריבן שושנה, געשריבן אַ בריוו.

ס׳איז אַוועק אַ קורצע צייט — און כרמלה האָט שוין דערציילט בעניך, אַז דער אַמעריקאַנער האָט איבערגעלאָזט שושנהן. ער איז נישט געווען קיין ייִד. דער טאַטע זאָגט, אַז ער וועט זי איבער דער שוועל נישט אַריבערלאָזן.

בעני האָט אויפגעציטערט. ס׳האָט אים באַהערשט אַ געפיל פון נצחון. ער האָט געפרעגט:

— זי וועט אַהיימקומען?

— די מאַמע איז אין כעס אויפן טאַטן. ער וויל זי נישט אַריינלאָזן אין שטוב. קום אַריין צו אונדז, בעני, כ׳האָב געקויפט פּלאַטן, כ׳ווייס אַז דו האָסט ליב מוזיק.

בעני איז געשטאַנען שטייף און קאַלט.

— קום — האָט זי אים אָנגענומען ביי דער האַנט.

ער איז געגאַנגען אָן חשק, געלאָזט זיך פון איר פירן. אין איר שטוב האָט מען אים אויפגענומען מיט פאַרלעגנהייט און נאָך זיין אַוועקגיין האָט ניסים געביילט די פויסטן און זיך געבייזערט:

— דאָס האַרץ איז ביי מיר צעגאַנגען קוקנדיק אויף אים. פונקט האָט זיך איר פאַרגלוסט צו יענעם אויסוווּרף, וואָס האָט פון איר געמאַכט אַ זונה.

בעני האָט זיך שוין געלאָזט עפטער פירן פון כרמלהן אין איר שטוב אַריין. ס'איז שוין ביי אים געוואָרן אַ געוווינטשאַפט. אַלע אין דער שטוב האָבן אים אָפּגעגעבן כבוד. זיי זענען געווען שותפים צו זיינע שוין איינגעשטילטע ווייטיקן. אַפילו דאָס קליינוואַרג האָט געקוקט בעניןן אין די אויגן מיט אָפּשיי, נישט געליאַרעמט בעת ער איז געווען אין שטוב. זיי הערן דאָך רעדן וועגן בענין גוטע רייד, האָבן זיי דרך־ארץ פאַר אים. אָבער מער פון אַלץ טוט אים הנאה וואָס כרמלה איז לעבן אים, אירע אויגן זענען ענלעך צו שושנהס — האָט ער פלוצעם אַנטדעקט — אויך דאָס קול איז ענלעך... און אַז זי שמייכלט, קנייטשט זיך איר קליין און ברייט נעזעלע מיט חן, ווי ביי שושנהן...

בעניס עלטערן זענען ווידער אַנטוישט פון זייער זונס גענג. שוין געווען גוט, פּטור געוואָרן פון שושנהן, האָט ער זיך איצט צוגעקלעפּט צו דער שוועסטער שושנהס. כאָטש נעם און אַנטלויף מיט אים פון דער שכונה. דאָרט, אין יענעם לאַנד, האָט די טאָכטער אַ גוי, דאָ ווידער — די פרענקן... אַזוי פיל האָפענונגען געלייגט אויף די קינדער...

ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס בייזערן זיך פון טאַטע־מאַמע, דאָס אַריינטענהן אין אים, ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פון די פרענקן. פאַרקערט, דאָס האָט בענין אויפגערעגט און איין מאָל, ווען ער האָט שוין מער נישט געקענט פאַרטראָגן די מוסר־רייד, האָט ער אַ זעץ געטאָן אין טיש אַריין:

— איך וועל חתונה האָבן מיט כרמלהן! יאָ!

*

כרמלהס אויגן זענען אָנגעפילט מיט פרומער גוטסקייט. זי איז בענין אַ געטריי און גוט ווייב. זי פירט אַ כשרע קיך. בעניס עלטערן האָבן נישט

אָפּגעהיט קיין כשרות. — „מילא, עס איז דווקא שיין אַזוי" — זאָגט בעניס מאַמע. זיי טרייסטן זיך, די עלטערן בעניס: „איז דען געווען אַן אַנדער אויסוועג? קען מען דען פועלן ביי קינדער? דער שידוך האָט זיך זיינע חסרונות, אָבער אַ ייִדישע איז זי דאָך די שנור! — מסתמא איז עס זיין זיווג".

אַ גאַנצן יאָר האָט זיך שושנה אָפּגעוואָלגערט אין אילת און אַנדערע מקומות, צווישן חברה וואָס מען דערקענט נישט ווער ס'איז אַ זכר און ווער אַ נקבה, און איז צוריקגעקומען אַהיים. „נאָר צייטווייליק" — האָט זי געזאָגט, זי וועט זיך שוין אַן עצה געבן, וועט נישט דאַרפן אָנקומען צו די עלטערן, האָט זי צוגעגעבן מיט רמזים...

די מאַמע האָט זיך צעיאָמערט, געקלאַפּט קאָפּ אָן וואַנט, ווען זי האָט דערזען איר טאָכטער אַן אָפּגעצערטע, אַ בלאַסע, די אויגן ווי אין היץ, פאַרנעפּלטע, און אָנגעטאָן אין משונהדיקע בגדים.

— אַז גאָט אין הימל האָט דיר געגעבן אַזאַ שיין פּנים, אַזאַ געשטעל — אַלע זאָגן אַזוי — דאַרפסטו אים זיין דאַנקבאַר און נישט זינדיקן. דו וועסט חלילה נישט מצליח זיין אין לעבן?... דער פאָטער אין הימל זאָל דיר געבן שכל און זאָלסט צוריקגיין אויפן ריכטיקן וועג — האָט די מוטער געטענהט.

שושנהס פאָטער האָט געוואָלט האַלטן וואָרט און נישט אַריינלאָזן זי אין שטוב. האָט זיך אָנגעהויבן אַ יללה פון די בני־בית עד לב השמים.

— שושנה שלנו, שושנה שלנו! — האָבן די קינדער, אויסגעבענקטע נאָך זייער שוועסטער, געשריִען, אַז אַלע שכנים האָבן געהערט.

ניסים איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב, געלאָפן פאַרגיסן די בושה מיט אַ גלאָז אַראַק. „געהאַט דרייצן קינדער, איצטער האָב איך צוועלף, זי איז נישט מיין קינד" — האָט ער געברומט אין זיך אַריין אויפן וועג צו דער מסעדה.

שושנה איז אין שטוב ווען דער טאַטע איז ביי דער אַרבעט. ער ווייסט עס ווויל, ניסים, אָבער ער מאַכט זיך אַז ער ווייסט עס נישט.

שושנהן איז נישט צו דערקענען. זי איז איצט אַן אויפגעקלערטע...

זי רעדט גאָר אַנדערע ווערטער: „די עלטערן זענען צוריקגעשטאַנענע, אַלטמאָדיש, ביי איר שוועסטער אויך אַזוי, אָבער דאָך אַ ביסל מער מאָדערן ווי ביי די עלטערן".

כרמלה דערוואַרט אַ קינד. שושנה זיצט אַ סך ביי דער שוועסטער, רייכערט ציגאַרעטן, פאַרשווינדט פון שטוב, ווערט נעלם אויף גאַנצע טעג און באַווייזט זיך ווידער. „מסתמא האָט זי אויך דאָ איר חברה, איר ס'גאַל באַקאַנטע" — טראַכט כרמלה. זי איז אומרויִק, זי האָט געזען ווי שושנה האָט געטרונקען קאַווע מיט מילך תיכף נאָכן עסן פליייש. זי וועט איר נאָך טרייף מאַכן די קיך...

אָבער נישט בלויז די קיך איז געווען אין סכנה... בעני האָט ביז איצט באַהאַנדלט זיין ווייב מיט ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט. לעצטנס גייט ער אַרום ווי אַ נישט־היגער. ער רעדט צו כרמלהן אַנדערש ווי פריִער. ער זיצט נאָך אַנאַנד לעבן שושנהן, קוקט איר אין מויל אַריין, ווען זי דערציילט אים מעשיות און וויצן פון אירע וואַנדערונגען. זי האָט אַ סך צו דערציילן... זיי קוקן זיך אין די אויגן בעת זיי זיצן איינער לעבן אַנדערן און זענען בכלל נישט כרמלהן.

שושנה גייט אָנגעטאָן אין משונהדיקע בגדים, שמירט זיך דאָס פנים, פאַרבט די ברעמען, און טייל מאָל דאַכט זיך כרמלהן, אַז שושנה איז שיכור... אָדער משוגע.

איין מאָל האָט כרמלה געמאַכט בעניִן אַ באַמערקונג, אַז ער באַציט זיך צו איר אַנדערש ווי פריִער, אַז ער איז געוואָרן קאַלט צו איר. האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. עס האָט געדויערט לאַנג ביז ער איז צוריקגעקומען.

— וווּ ביסטו געווען, בעני — האָט אים שושנה געפרעגט און אַן אומרויִקייט האָט אַרויסגעשריִען פון אירע ווערטער.

— פטרן די צייט — האָט בעני געענטפערט, ווי אָפּגעהאַקט.

כרמלה האָט אים אָנגעקוקט מיט פחד. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און נישט געקוקט אין איר זייט. זי האָט זיך פאַרלוירן, נישט געוווּסט ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף זיין ענטפער, איז זי צו צום ראַדיאָ און אַ דריי

געטאָן דאָס קנעפּל. דער ראַדיאָ־הילכער האָט געמאָלדן אַז אין אַ מינוט אַרום וועט מען איבערגעבן די חדשות.

— פאַרמאַך דעם ראַדיאָ, גענוג מיט דער ברודיקער וועלט און מיט דער ברודיקער פּאָליטיק! בעסער שוין צו נעמען סמים, פאַרגעסן זיך, פאַרגעסן אין אַלץ! זיי טוען גוט, זיי זענען פרייע מענטשן...

כרמלהן האָט באַהערשט אַן אומהיימלעך געפיל, אַ קאַלטער ציטער האָט אַדורכגענומען איר לייב...

„סמים ?... שושנה... אַוודאי, מעגלעך, יאָ... און אים געפעלט עס אויך..." זי האָט פאַרבראָכן די הענט פון דער איבערראַשנדיקער אַנטפּלעקונג. „איר בעני איז עס ? ער האָט דאָך תמיד דערוועקט אין איר פרוייִשע גאווה. זי איז שטאָלץ געווען צו האָבן אים פאַר אַ מאַן. ער איז געווען אַ גוטער ביז שושנה איז צוריקגעקומען. און איצט... אַפילו צו דער אַרבעט גייט ער שוין נישט מיט אַזאַ פלייס ווי פריִער, און אַז ער קומט פון דער אַרבעט, רעדט ער נישט אויס צו איר קיין וואָרט, ער לעבט אויף נאָר ווען שושנה קומט אַריין..." — מיט אַ ווילדער געשווינדקייט האָבן די אַלע געדאַנקען אויפגעבליצט אין איר מוח. זי האָט מיט אַ מאָל דערפילט אַ באַדערפעניש עפּעס צו טאָן, נישט דערלאָזן אַז איר גליק זאָל חרוב ווערן... זי האָט אויף גיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיך איר ברייט קלייד וואָס פאַרשטעלט עטוואָס דעם אויפגעהויבענעם בויך און געלאָפן צו בעניס עלטערן. אָן אַ סדר און אָן אַ צוזאַמענהאַנג האָט זי אָנגעהויבן אויסגיסן איר האַרץ פאַר דער שוויגער גלייך ווי זי האָט אַריבערגעטראָגן די שוועל:

— די מאַמע איז קראַנק צוליב שושנהן, שושנה, מיט איר משונהדיקן הולך, מיט איר כסדרדיקן רייכערן... די מאַמע קריגט זיך מיטן טאַטן, נישט געדאַרפט זי פאַרטרייבן פון שטוב. צו דער מאַמעס צרות נעמט נישט קיין סוף...

דער שוויגערס פאַרשנדיקע אויגן האָבן זיך פאַרהאַלטן אַ רגע אויף כרמלהס בלאַס, איבערגעשראָקן פּנים:

— כרמלה, די שטוב איז דיינע, פאַריאָג דיין שוועסטער פון שטוב. כרמלה האָט נישט געקענט מער איינהאַלטן אירע טרערן און זיך

צעווײנט מיט אַ שלוכצענדיקן געוויין. ווי קען זי דערציילן דער שוויגער אַז בעני איז לעצטנס נישט מער קיין מאַן צו איר ?... אַלץ צוליב שושנהן. זי שעמט זיך צו דערציילן. אָבער די שוויגער האָט אַלץ פאַרשטאַנען, אפשר אַ סך מער ווי כרמלה אַליין.

— דו דאַרפסט וויסן וואָס צו טאָן. דיין מאַן איז ער. פאַריאָג די הפקרדיקע. ווען דו וועסט עס נישט פועלן, וועלן מיר זיך נעמען צו אונדזער זון, אויך צו איר !

כרמלה האָט געוואָלט זיך צוטוליען צו דער שוויגער, אויסקושן זי, אויסדריקן איר דאַנקשאַפט, זי האָט זיך אָבער נאָך אַלץ געשעמט. מיט אַ מאָל איז זי צוגעפאַלן צו איר ברוסט און אויסגעבראָכן אין אַ הילכיק, אויסלייזנדיק געוויין :

— יאָ, כ׳וועל עס טאָן, כ׳וועל עס טאָן אַליין — אים ראַטעווען פון די סמים... — זי האָט זיך אָנגענומען מיט כוח און אַרויסגעזאָגט די ווערטער מיט אַנטשלאָסנקייט.

— גענוג, עס קען דיר חלילה שאַטן אין דיין צושטאַנד... די שוויגער האָט זי לייכט אָפּגעשטופּט פון זיך, זי אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און געבראַכט איר אַ גלאָז קאַלט וואַסער.

כרמלה האָט אַראָפּגעשלונגען אין איין אָטעם דאָס גלאָז וואַסער און זיך אויפגעהויבן גרייט אַוועקצוגיין.

— וואַרט אויפן שווער — האָט זי די שוויגער פאַרהאַלטן — ער וועט דיך באַגלייטן אַהיים.

— מען דאַרף נישט, אַ דאַנק ! אַ דאַנק ! כ׳וועל גיין אַליין — האָט כרמלה געענטפערט שוין אַ באַרויִקטע.

אויפן וועג אַהיים האָט כרמלה זיך פאָרגעשטעלט אַז אין שטוב וועט זי טרעפן איר שוועסטער זיצן לעבן בעניק. זיי זיצן נאָענט, גאָר נאָענט, און אפשר אויך... אוי, זי וויל גאָר נישט טראַכטן וועגן דעם !... שטענדיק מיט שושנהן. און זי, כרמלהן — ווי ער וואָלט זי אין גאַנצן נישט געזען. אויך ביי נאַכט...

כרמלה דערמאָנט זיך אַז זי האָט געהערט אַ מאָל אַ שמועס צווישן

דער מאַמען מיט סעריפּען, דער שכנה וואָס שטאַמט פון לבנון. סעריפּע האָט זיך געקלאָגט פאַר כרמלהס מאַמען, אַז איר מאַן לאָזט זי נאָך אַנאַנד אַליין אין שטוב, לויפט אַרום, און אַז ער קומט אַהיים שלאָפן, דרייט ער זיך אויס צו איר מיט דער פּלייצע... די מאַמע האָט געעצהט סעריפּען, אַז זי זאָל זיך קויפן אַ שיין אויסגעשטיקט נאַכטהעמד, און פאַרן שלאָפן גיין, ווען דער מאַן איז אין דער היים, זאָל זי אים זיך וואַרפן אין די אויגן. דאָס וועט זיין אַ סגולה אים צוריקצוגעווינען, ער זאָל זי באַגערן.

„ביין, זי וועט עס נישט טאָן" — האָט כרמלה געטראַכט — „וואָס פאַר אַן אויסזען וועט עס האָבן מיטן הויכן בויך?"

אין שטוב האָט זי געטראָפן איר מאַן מיט שושנהן, פונקט ווי זי האָט זיך פאַרגעשטעלט אין די געדאַנקען. זיי זענען געזעסן ביים טיש, איינע לעבן אַנדערן, געטרונקען קאַווע און געקייט קיכעלעך, און לעבהאַפטיק געשמועסט. ווען כרמלה איז אַריין האָבן זיי איבערגעריסן דעם שמועס. אין צימער איז געוואָרן נישט־אַנגענעם שטיל. בעני האָט זיך אָפּגערוקט מיטן שטול, ביידע האָבן מיט פאַרלעגנהייט געקוקט אויף כרמלהן, און כרמלה אויף זיי ביידן, מיט כעסדיקע, נאָך רויטע פון וויינען אויגן.

— וואָס קוקסטו אַזוי? — האָט די ערשטע איבערגעריסן דאָס אומ־אָנגענעמע שווייגן שושנה — דיר איז עפּעס געשען?

— יאָ, געשען! איך דאַרף דיך נישט האָבן אין מיין שטוב!

בעני האָט זי שאַרף אָנגעקוקט:

— ביסט אַראָפּ פון זינען? — האָט ער אָנגעשריִען אויף איר.

— געווען אַן שכל און געבליבן אָן שכל! — האָט מיט ביטול צו־געגעבן שושנה.

— אָבער נישט קיין אויסגעלאָסענע!

שושנה האָט פאַרגעזעצט מיט חוזק:

— דו וועסט באַלד אויסזען אַזוי ווי די מאַמע! ביסט אַ טיפּשה!

— איך דאַרף נישט קיין חכמה, גיי פון דאַנען! — האָט כרמלה זיך נישט אונטערגעגעבן.

— בעני, וואָס זאָגסטו צו דיין וויב? קוק זי אָן! הם... ווי קאָמיש...

— כרמלה, וואָס איז מיט דיר ? — בעני האָט זיך אָפּגעריסן פון שטול און געמאַכט אַ טריט אין דער ריכטונג ווו כרמלה איז געשטאַנען.

— שושנה, לאָז מיך איצטער אַליין מיט מיין מאַן! מיין מאַן איז ער! — האָט זי מיט כעס אויסגעשריִען צו שושנהן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף בעניס רייד.

— דו יאָגסט מיך אַרויס ? דו וועסט עס באַדויערן! — שושנה האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, פאַרריכט די האָר און געקוקט אויף בענין, געוואָרט ער זאָל זיך אָננעמען פאַר איר, אָבער בעני האָט פאַרלעגן גע־פינטלט מיט די אויגן, געקוקט אויפן דיל.

כרמלה האָט אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין.

— די בהמה האָט זיך צערעוועט און ער שטייט צעקראָכן, אַ שוואַכ־לינג! — שושנה האָט צוגעוואָרפן בענין אַ קרום שמייכעלע און איז האַסטיק אַרויס מיט אַ זעץ אין טיר.

— וואָס איז מיט דיר, וואָס ווינסטו — האָט זיך איצט בעני גע־וואָנדן צו כרמלהן מיט אַ רויִק קול.

— דו ווייסט עס, עס קען אַזוי נישט בלייבן...

— איז וואָס ווילסטו זאָל איך טאָן ? דיך איבערלאָזן ?... אַזוי ?...

— מיך איבערלאָזן ? צוליב איר ? ביסט זיכער מיט איר ?

בעני האָט געשוויגן. כרמלה איז צוגעפאַלן צו אים, גענומען זיינעביידע הענט אין אירע און זיי געדריקט צום האַרצן.

— בעני, מיר וועלן באַלד, מיט גאָטס הילף, האָבן אַ קינד. צי בין איך דיר נישט אַ געטריי ווייב ? ביסט מיינע אויגן, מיין האַרץ! מיט וואָס איז מיין שוועסטער, די אויסגעלאַסענע, בעסער פון מיר ? ווען זי וואָלט דיך ליב געהאַט, וואָלט זי נישט אַוועק פון דיר! איך וואָלט מיין לעבן אַוועקגעגעבן פאַר דיר!

בעני האָט אַרויסגענומען זיינע הענט פון כרמלהס, האָט זי לייכט אָפּגעשטופּט פון זיך און אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען איבערן צימער, אַ ביסל צעטומלט פון כרמלהס פאַרצווייפלטן ליבע־אויסבראָך.

— בעני, זיי מיר צוריק אַ מאַן — האָט כמרלה פאַרגעזעצט מיט

יִיאוש אין איר קול — איך גיי אויס! עס וועט שאַטן דעם קינד וואָס איך טראָג אונטער מיין האַרץ. דיין קינד, בעני! זי האָט דיך נישט ליב, ניין! זי האָט געהאַט אַ סך מענער און וועט נאָך האָבן מענער! זי איז אַ הפקרניצע! און ביי מיר ביסטו דער איינציקער!

— נו, גענוג געוויינט, גענוג, — האָט בעני געפּרוּווט זי באַרויִקן.

— זאָל זי מער נישט אַריינקומען, מיין שוועסטער!...

— מיינעט וועגן... — האָט בעני אויסגעשטאַמלט.

כרמלה האָט דערפילט אַ וואַקלעניש אין זיין קול. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים מיט אַ שווערן זיפץ. בעניִן האָט באַהערשט אַ רחמנות־געפיל צו זיין שוואַנגערדיק ווייב. ער האָט אָנגעהויבן גלעטן איר קאָפּ, זיך שפּילן מיט אירע האָר. „פּונקט ווי שושנהס האָר" — איז אים בליציק אַדורך אַ געדאַנק. כרמלה האָט זיך געטוליעט צו אים, אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט.

— בעני, ביי איר וועסטו נישט זיין דער איינציקער...

— גענוג! — האָט בעני איבערגעריסן דעם שטראָם פון אירע רייד — גענוג וועגן דעם, כ׳וויל עס מער נישט הערן!

*

ווען בעניס עלטערן זענען צו מאָרגנס געקומען זיי באַזוכן — געקומען פאַרזאָרגטע, געמיינט מי־יודע וואָס זייער זון האָט אָפּגעטאָן, אפשר איבער־געלאָזט כרמלהן און אַוועק מיט יענער — האָבן זיי געטראָפן די יונגע פּאָר זיצן צוזאַמען אויף דער סאָפע אין אַ רויִקער, געמיטלעכער פּאָזע.

# איך און מיין ברודער

שטיקער צייט פאַרטאַכלעווע איך אויף אויסצורעדן פאַר זיך מיינע טענות צו מיין ברודער. זיי גייען מיר נאָך ווי אַ טונקעלער שאָטן. זיין זאָג האַמערט אין קאָפּ.

— וואָס מיר ברודער... קין האָט געהרגעט הבלן...

אַזוי האָט געזאָגט צו מיר מיין ברודער.

אַוודאי האָט קין געהרגעט הבלן. אָבער ווען מיין ברודער האָט עס מיר געזאָגט, האָב איך געפילט ווי די זון וואָלט זיך אויסגעלאָשן, ווי דער הימל וואָלט געוואָרן שוואַרץ, ווי איך וואָלט געזונקען אין אַ תהום, צוריק צו מיינע איבערגעלעבטע קאָשמאַרן „דאָרטן".

אַ פאַרלוירענער חזר איך איבער זיינע ווערטער, און ענטפער זיך אַליין, דאָס הייסט אים: לויט דיר, מיין ברודער, האָבן „יענע" אויך געמעגט?...

דו, מיין ברודער, וואָס דו רעדסט מיט פסוקים פון תנ״ך, בלויז דאָס האָסטו געפונען אין תנ״ך, מיר צו זאָגן?...

ניין. דו וואָלסט קיין קין נישט געקענט זיין. איך אויך נישט!

*

ער איז מיין צווילינג־ברודער. אַלע יאָרן זענען מיר געווען ווי איין גוף, איין נשמה. איך ווייס נישט, צי אַלע צווילינגען זענען צווישן זיך געבונדן. ביי אונדז איז אַזוי געווען. אַלץ וואָס איז אים געפעלן, איז מיר ליב געווען. אַפילו מאכלים האָבן מיר ליב געהאַט די זעלבע.

ווי ווייט מיינע זכרונות גרייכן, געדענק איך בלויז וועגן ליבשאַפט צו אים, איך בין דער עלטערער (בסך־הכל מיט אַ שעה). קליינערהייט בין איך געווען שטאַרקער, פלעג איך ציטערן איבער אים, זען אין אים כולו גוטסקייט. ער איז טאַקע אַ גוטער, מיין ברודער. צוזאַמען האָבן מיר איינגעזאַפּט דאָס קליינשטעטלדיקע לעבן, מיט דער שיינקייט פון וואַלד,

טייכן און בערג. איך האָב אין שירים אויסגעזונגען מיינע געפילן צו דער אַרומיקער שיינקייט, מיין בענקשאַפט צו דערהויבנקייט און גוטסקייט. ער האָט זיך געעסקט לטובת ארץ־ישראל. ביידע האָבן מיר געבענקט צום לאַנד פון די אָבות. ביי אים האָט זיך פריִער אַ ריר געטאָן, און ער איז דער ערשטער אַוועק. און איך? דער וועג אַהין איז מיר געוואָרן שווער צוליב דאָרקען.

זי האָט דווקא געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער, געטראָגן דעם ערשטן מיי אַ רויט שלייפעלע. גערעדט האָט זי וועגן שיינע זאַכן. געוואָלט כולו גוטסקייט פאַר דער גאַנצער וועלט. געהאַט האָט זי אַ רעצעפּט דערצו. פון אירע רייד האָט זיך צעגאָסן אַ תענוג. גיין קיין ארץ־ישראל האָט זי נישט געוואָלט.

איך האָב אין מיינע שירים געזונגען צו איר און וועגן איר. אייגנטלעך האָב איך דאָך אויך געוואָלט זען בלויז גוטסקייט און שיינקייט אויף דער וועלט. מיט איר איז דאָס לעבן געווען שיין, האָב איך געוואַרט, געהאָפט אַז זי וועט סוף־כל־סוף מסכים זיין מיט מיר און גיין אַהין, ווו מיין ברודער איז אַוועק, און וואַהין אויך איך האָב געגאַרט צו גיין.

דערווייל איז געוואָרן שווער, גאָר שווער איז געוואָרן דער וועג וואָס מיר האָבן צוזאַמען מיטגעמאַכט. זי האָט זיך שוין מער נישט געקרימט, ווען איך האָב מיט בענקשאַפט גערעדט וועגן ארץ־ישראל. זי האָט אויפגעהערט זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער, נישט געגלייבט מער אין דער „בייער וועלט״. איר טעות האָט אויך מיר ווײ געטאָן.

כ׳וועל זיך דאָ נישט אומקערן צוריק צו די פינצטערע יאָרן פון „דאָרטן״, ווו כ׳האָב פאַרלוירן מיין דאָרקען און מיינע צוויי קינדער.

מיינע איבערלעבענישן ליגן פאַרריגלט, מיינע ליפּן פאַרזיגלט מיט ווייטיק. איך האָב צוגעשלאָסן די טיר, דער ווייטיק זאָל זיך נישט אַרויסרייסן און מיך פאַרראַטן. כ׳וויל לעבן. און זאָל דער חשבון פון די זאַכן בלייבן אין דימיון. עס וועט שוין בלייבן ביי מיר, בלייבן אין יעדן ריר, אין יעדן פינטל פון אויג. נאָך אַלעמען — וווּנדערט מיך שוין גאָרנישט. וואָס קען מיך שוין וווּנדערן?... וואָס קען מיר נאָך געשען? אָבער דאָך וויל איך לעבן. איך קעמף, איך וויל זיך נישט אָנטאָן אין שוואַרצן.

ווער איך בין? וואָס איז די נפקא־מינה? איך קען הייסן אַזוי, אָדער אַנדערש. פֿאַראַן אין מיר גוטס, פֿאַראַן אין מיר שלעכטס. איך בין — איך. איך פֿאַל און הייב זיך אויף. אַ מאָל האָב איך זיך געיאָגט נאָך עפּעס, זאָל זיין — נאָך אַ חלום. דער חלום איז געווען הימלבלוי און גאָלדיק־גרין, זיך געריסן צו אים און געבליבן שטיין אויף אַן אָרט. סיי ווי איז מיר געווען גוט.

ווי אַ דאָרשטיקער צו אַ וואַסערקוואַל בין איך אַהער געקומען — איך, אַן אָפּגעראַטעוועטער פֿון אַ קאַלכאָויוון.

די פֿרייד פֿון דער באַגעגעניש מיט מיין ברודער איז געווען אין־לשער. מיר האָבן זיך געקלאַמערט אין די אָרעמס און געוויינט. איך האָב געוויינט, כאָטש טרוקן איז שוין געווען מיין טרערנקוואַל. מיין שוועגערין האָט אויך געהאַט טרערן אין די אויגן.

ווען מיר זענען אָנגעקומען צו זיי אין שטוב, האָבן מיר זיך נאָך אַ מאָל צעוויינט. זייער זון איז אין בהלה אַרויסגעלאָפֿן פֿון זיין צימער אַ נישט־אָנגעטוענער.

— מה קרה? מה קרה?! — האָט ער געשריגן — פֿאַר וואָס וויינען זיי?!

אַזאַ איז געווען אונדזער באַגעגעניש.

כ'האָב זיך אַרומגעקוקט.

וויפֿל זון, וויפֿל ליכט, וויפֿל יונגקייט, פֿרישקייט און צעזונגענקייט איז דאָ פֿאַראַן! ווי גוט איז דאָ צו זיין אונטער דעם בלויען הימל! מיין געמיט האָט זיך צעזונגען מיט ליבשאַפֿט צו אָט דער ערד.

איך און מיין ברודער זענען ענלעך צו זיך. די זעלבע ברוינע אויגן, די זעלבע לענגלעכע נעזער, די זעלבע זשעסטן. ער איז געוואָרן אַ בעל־הבתישער, געזעצטער מענטש. זאַט מיט כבוד און עשירות. אויף זיין פּנים איז אויסגעגאָסן אַ זאַטע רויִקייט. און מיין פּנים?... ענלעך צו מיין ברו־דערס, דאָך אַנדערש. אָבער דער שורש איז געבליבן דער זעלבער.

זיי וווינען אין אַ שיינער געגנט אין רמת־גן. זיין הויז איז אַרומ־געריגנלט מיטביימער און בלומענבייטן, שיין קולטיווירט. כ'ווייס פֿון אים, אַז זיי זענען אַ סך דורכגעגאַנגען. וועגן זיין איצטיקן מצב ווייס

איך, — ווי איך שטעל מיר פֿאָר — פֿון דעם נישט־דערזאָגטן, פֿון זייַנע זשעסטן. מיר זענען דורכזיכטיק אײנער פֿאַרן צווייטן. יאָ, זיי זענען אויך דורכגעגאַנגען שווערע צייטן. יאָ, — אויך.

מײַנע געפֿילן צו מײַן שוועגערין שלאָגן זיך אָפּ אין אירע געפֿילן צו מיר. (אָנשטעל קאָסט נישט קיין מי). זי איז אַ שיין־געבויטע פֿרוי, כאָטש מיט שווערלעכע פֿיס, די יאָרן זענען זיך נישט אָן אויף איר, צוליב דעם טייערן גרים. אויסערלעך איז אַלץ בסדר. איך הער זי אויס אויפֿמערקזאַם וועגן אירע קינדער, וועגן אירע מחלות, וועגן די שווערע צייטן וואָס זענען ביי זיי געווען. און איך גיב זיך אונטער די העפֿלעכע רייד און דעם כּיבוד. איך ווייס שוין אַז זי האָט ליב גרויסע חתונות, גרויסע לוויות און שיינע פֿאָרצעלאַן. זי האָט באַקאַנטשאַפֿט אין די הויכע פֿענצטער. מײַן ברודער דרייט זיך אומגעדולדיק ווען זי רעדט דאָס אַלץ, ער שווייגט.

די ערשטע צייטן, ווען כ׳בין געבליבן אַליין מיטן ברודער, פֿלעגט ער מיר שטופּן אַ קאָנווערט מיט עטלעכע צענדליק לירות אין דער האַנט אַרײַן. איך פֿלעג זיך שטאַרק פֿאַרשעמען, אים פּרווון צוריקגעבן, מורא געהאַט, עס וועט אימיצער דערזען, אימיצער אָנקומען, אפֿשר מײַן שוועגערין — און עס האָט זיך אַזוי געמאַכט אַז כ׳פֿלעג עס צונעמען.

געווען ביי מיר אַ דוחק דעמאָלט. נאָך נישט געהאַט קיין קבוע־אַרבעט. דאָס איז געווען אין אָנהייב.

איצטער דאַרף איך קומען צו זיי בלויז אויף פֿאַרבעטונג. אָנטאָן זיך די בעסטע בגדים — מאַכן אַ גוטן רושם אויף די געסט.

אין אָנהייב טאַקע, ווען כ׳האָב נישט געוואַרט אויף פֿאַרבעטונג, האָב איך געטראָפֿן מײַן שוועגערין אַ נערוועזע, מיט אַ זויער פּנים. אַ צווייט מאָל — אַ חורבן אין שטוב: די באַלאַטן פֿון די דילן אַרויסגעריסן, ווייל ס׳איז מער נישט מאָדערן קיין קליינע באַלאַטן, נאָר גרויסע, און דאָ אין מיטן דער אַרבעט איז אַ פּועל קראַנק געוואָרן. די אַרבעט פֿאַרשלעפּט זיך. ווי אויף צו להכעיס איז אויך דער אויטאָ קאַליע געוואָרן, זי קען נישט פֿאָרן צום ים אָפּאָטעמען. אַז עס גייט שלעכט, גייט עס פֿון אַלע

זייטן. ביי לייטן גייען די שיפּורים גלאַטיק, ביי איר איז אַלץ שלימזלדיק — האָט זי זיך באַקלאָגט פאַר מיר.

פונקט איז אָנגעקומען די טאָכטער זייערע. איך האָב נישט מיט די קינדער זייערע קיין געמיינזאַמע שפּראַך. אַ פאַרעוועץ קוש, מה שלומך? מה שלומך? וואָס מאַכט דער מאַן? די קינדער? בסדר. בסדר, תודה.

זי איז געקומען אַן אויפגערעגטע די טאָכטער. דער מאַן האָט געזאָלט פאָרן מיט איר קיין נהריה. פּלוצעם איז געוואָרן אויס. די סיבה?... נישט וויכטיק. די אויגן ביי איר אָנגעלאָדן מיט כעס.

— אַהובהלע, ווידער אַ ניי קלייד?

— אמא, וואָס וועל איך טאָן מיטן געלט? דו האַלטסט עס פעסט, איך דאַרף נישט אַזוי פיל געלט.

— אַזוי זאָגט זי אייביק, די טיפּשונת, אָבער זי וועט קיינעם גאָר־נישט אַוועקגעבן, געלט אַוודאי נישט — האָט די מוטער נחתדיק זיך געוואָנדן צו מיר.

פון זון האָבן זיי אויך נחת, ער שטודירט אויף דאָקטאָר.

איך בין אַ מאָל געווען צו גאַסט ביי אהובהן. זי האָט מיר געוויזן דעם אויסשטייער צו דער געפּלאַנטער רייזע קיין חוץ־לארץ. אַלץ געווען פאַרטיק צו דער נסיעה. זי האָט געוואַרט אַז כ׳זאָל באַוווּנדערן אַלץ וואָס אין שטוב, מאַכן קאָמפּלימענטן. ווי אַזוי איך לעב פרעגט מען נישט ביי מיר.

*

ביי מיין ברודער אין שטוב האָב איך געטראָפן פעלאַן, אַ לאַנדס־מאַנקע פון מיין שוועגערין.

— זי האָט זיך געראַטעוועט אויף אַרישע פּאַפּירן — האָט מיר מיין שוועגערין שטיל אונטערגעזאָגט. דערנאָך האָט זי מיט זשעסטן צוגעגעבן, אַז זי איז אַ גאָר וואַזשנע פרוי.

פעלאַ האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַן אַריערין. גערעדט אַ פּליסיקן פּויליש, אויף איר איידעלן פּנים האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אירע אַמאָליקע איבערלעבונגען. זי איז געזעסן נעבן מיר, מיר האָבן געשמועסט. איך

האָב זיך גוט געפילט נעבן איר. אין אירע נישט־דערזאָגטקייטן וועגן זיך האָב איך זי דערקענט. דערנאָך האָב איך געטראַכט וועגן איר אפשר אַ חודש צייט. ביז אין אַ טאָג האָבן מיך די פיס, נישט־געבעטענערהייט, געטראָגן צו מיין ברודער, אפשר וועל איך זי דאָרטן טרעפן.

עס זענען געווען געסט, פעלאַ איז נישט געווען.

— פאַר וואָס האָסטו נישט טעלעפאָנירט פריִער? — האָט מען מיך באַגעגנט מיט אַ פראַגע — זעץ זיך. כ׳וועל דיר מאַכן אַ פּלאַץ ביים טיש — האָט זיך מיין שוועגערין אַ פאַרלוירענע אָנגעהויבן פאָרען, באַ־קוקט מיך ווידער און ווידער פון אויבן אַראָפּ.

— כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען, בלויז געקומען אויף אַ ווײַלע.

אין צימער פול בלומען וואָס די געסט האָבן געבראַכט, אויך פּעקלעך, באָמבאָניערעס. דער טיש איז געגרייט מיט לוקסוס. זילבערנע כלים, רויטע, גרינע און געלע גלאָזוואַרג.

אַלע קענען זיך דאָ גוט. ווער עס איז מער וויכטיק צוליב זיין פּאָ־זיציע, פילט זיך דאָ בעסער ווי ביי זיך אין דער היים — מען וויל זיך באַווייזן און זיין דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט. מיין ברודער זעט זיך שטאַרק אָן צווישן די געסט. ער רעדט מיט פסוקים פון תנ״ך — אָן „אָפּענער מוח״ — האָט מיר אימיצער געזאָגט וועגן אים — „נישטאָ קיין סודות פאַר אים, ער האָט געוווּסט ווי אויסצונוצן געלעגנהייטן, שווימען קעגן שטראָם, ווען אַנדערע זענען דורכגעפאַלן״. — אַזוי האָט יענער גע־זאָגט, אַזוי זאָגן זיי.

איך קוק אים אָן מיט אָנשטרענג. אַוודאי איז מיין ברודער קלוג, זיינע אויגן רעדן דערוועגן. אָבער מיך אַרט דער טאָן פון די אַרויס־געזאָגטע ווערטער. די נישט־פאַרגינערישקייט איז אין זיי בולט. איך קוק צו מיין ברודער. אונדזער טאַטע ע״ה האָט געהאַט אַזעלכע אויגן: אָרנסט־לעכקייט און חכמה קוקט פון זיי אַרויס.

כ׳זע ווי מ׳זוכט זיך איינער דעם צווייטן, מ׳שטויסט זיך אָפּ, מען שפּילט זיך: ווער ווייסט מער, ווער האָט מער מצליח געווען. מ׳זאָגט

זיך צו ביסלעך אַריין און מען מאַכט זיך נישט־וויסנדיק — מען דאַרף זיך האָבן איינער דעם צווייטן.

מ׳רעדט וועגן טראַנספּאָרטן סחורות, וועגן מסים, אויך פּאָליטיק. איינער פון די געסט איז צו מיר גאָר פריינדלעך. ער דערציילט מיר פון שווערע צייטן אין לאַנד. געווען איז ער אויך אַ קורצע צייט אין אַ קיבוץ.

— עס איז דעמאָלט אַלץ געווען בדוחק, נאָר שיין... — זאָגט ער מיט בענקשאַפט.

— דו ווייסט ווער ער איז? — האָט מיר דערנאָך געשעפּטשעט מיין שוועגערין אויפן אויער — ער פאַרמאָגט...

דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט איז אָבער אַ צווייטער, אַ הויכער, אַ פעסטער, זעט אויס זעלבסטזיכער, אין די אויגן אַ חוזק־שמייכעלע. ער דערציילט וויצן און גלייכווערטלעך, שטעלט זיך דערמיט אַרויס ווי אַ קאָקעטישע דאַמע מיט איר צירונג. באַנוצט זיך מיט ווערטער ווי: „דער סימבאָל פון אונדזער צייט״, „אין איינקלאַנג מיט די באַדינגונגען״, „מען דאַרף עס זען נישט מיט די אויגן, עס הערן נישט מיט די אויערן״.

ווי מען דאַרף עס זען, ווי מען דאַרף עס הערן, זאָגט ער נישט. אַז אַלעמען גייט גוט, זעט מען פון זייער האַלטונג. מ׳דערקענט עס ווייניקסטנס אויף די פרויען זייערע...

זיי ווילן באַלד אָנהייבן שפּילן אין קאָרטן. כ׳האָב געטרונקען אַ כוסע און נאָך אַ כוסע, וויל פעלאַ איז נישטאָ. די צונג ווערט מיר לייכט. נישט געוווינט צו טרינקען. מען פרעגט מיך עפּעס, כ׳האָב נישט דערהערט, דאָך ענטפער איך:

—ניין, ניין. איך אַ נייער עולה? נישט אַזוי ניי, שוין אָפּגענוצט.

אַ פרוי רעדט דייטש. מיין שוועגערין רעדט אַ צעבראָכענעם דייטש מיט איר. כ׳האָב זיך דערמאָנט ווי איין מאָל, ביי אַ קאָרטנשפּיל, האָט זיך די זעלבע פרוי פאַרגעסן, פאַרקאָכט אין שפּיל — און גערעדט אַ זאַפטיקן יידיש.

אויך מיין ברודער רעדט דייטש, אַ שלעכט־גערעדטן דייטש. איך זאָג:

— דייטש גאָר? זיי זענען דאָך רומענער, וואָס פּלאָגט איר זיך צו רעדן דייטש?

אַלע האָבן עס דערהערט. מיינע קרובים קוקן זיך איבער, די געסט בלייבן געפּלעפּט.

איך זיץ דאָ און פיל זיך עלנט, באַקום רחמנות אויף זיך אַליין. כ׳האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם, אַז איך בין געקומען היינט צוליב פּעלאַן... איך דריי זיך אומרויִק אויפן שטול, קלאַפּ מיט די פינגער אין טיש.

— וואָס איז דיר היינט? — פרעגט מיך שטיל, אַן אָנגעכמאַרעטער, מיין ברודער.

— גאָרנישט. קאַפּווייטיק.

עס איז לייכטער צו פאַרדעקן זיך מיט אַן אויסרייד איידער זאָגן דעם אמת. מיין שוועגערין האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ בליק וואָס האָט מיך אַ הייב געטאָן ראַפּטעם פון שטול. אויך מיינע קרובים האָבן זיך האַסטיק אויפגעהויבן, ווי פון שפּרינגפעדערן.

כ׳האָב זיי אָפּגעשטויסן מיט מיין בליק. געפּרוווט שמייכלען. כ׳האָב געזען, מיין אָנוועזנהייט רייצט זיי...

— ער האָט קאָפּווייטיק — האָט אַ צעמישטער געזאָגט מיין ברודער אויף דייטש צו די רומענער וואָס זענען געזעסן נעבן אים. — ווילסט אַ ביסעלע ווין? — האָט ער מיך געפרעגט.

— נישט געשמאַק דער ווין.

— וואָאָס? דו ווייסט וואָס פאַר אַ ווין?...

— עט — האָב איך ביטולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געקלאַפּט מיט די פינגער אין שטול, שטייענדיק.

די געסט האָבן געקוקט אויף מיר.

מיין ברודער האָט, אַן אויפגערעגטער, אַ בלאַסער, מיך אַריינגערופן אין דער צווייטער שטוב.

— וואָס איז עפּעס פּלוצלינג מיט דיר? אַזאַ אויפפירונג... ביסט געקומען אין אַזאַ הילוך! וואָס איז דיר, ביסט קראַנק?...

— פון וואַנען קענט איר דייטש? איר זייט געווען ביי זיי? דו ביסט דאָרט געווען?...

— דייטש? וואָס אַרט דיך דייטש? די שפּראַך? דו דאַרפסט עפּעס?

— פון דיר גאָרנישט. שלום.

— נו, פאַר מיין גוטס... אַ ברודער... קין האָט געהרגעט הבלן... ברודער... ברודער... — האָב איך געהערט הינטער מיר.

קין האָט געהרגעט הבלן...

*

אין עטלעכע טעג אַרום איז צו מיר געקומען מיין קוזינע (יאָ, כ׳האָב אויך אַ קוזינע), אַן אלמנה איבער די פופציק. כ׳האָב זי קאַלט אָנגעקוקט. זי האָט מיך פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, נישט געווינט צו אַזאַ קאַלטקייט מצד מיר. כ׳בין זי תמיד מקרב.

זי קומט ווען זי דאַרף זיך אַ ביסעלע אַראָפּרעדן פון האַרצן, אַראָפּ־זיפצן. די גאַנצע נייעס וואָס איך לייען אין די צייטונגען, הער איך אויס נאָך אַ מאָל פון איר מויל. מיך הערט זי מיט אַ פערטל אויער. אין יעדן פאַל באַקום איך פון איר אַ טרייסטוואָרט, זי הייסט מיך נישט זאָרגן, „עס וועט שוין אַלץ גוט זיין”, זאָגט זי מיר, כאָטש איך דערצייל איר נישט מיינע דאגות. זי ווייסט נישט פון זיי.

ווען זי קומט צו מיר, לאָזט זי גלייך אַרויס אירע דאגות. די הויפּט־דאגות אירע זענען שידוכים. זי האָט סודותדיקע זכרונות און נאָך מער סודותדיקע האָפענונגען. שוין יאָרן ווי זי איז אַן אַלמנה. אַ גליק־שידוך איז נישט צו שטאַנד געקומען צוליב די קינדער אירע, וואָס יעדער פון זיי איז ווייט פון איר, אָבער זי זעט זיך מיט זיי. ווען זיי קומען צו איר, איז אַלץ גוט. פרייד, קושן, מען פאַלט זיך אויפן האַלדז. אָבער אירע טריט זענען שוין פאַמעלעכע, און זיי האָבן נישט קיין געדולד צו איר. אָפּגעפרייט זיך, ווערן זיי גיך מיד, פאַרשווינדן אויף אַ צייט. אַנומלט האָט זי מיר געזאָגט:

— מען קען נישט קומען אָפּט צו קינדער, שטערן זיי. און אַליין ווידער... מ׳רעדט מיר שידוכים. פרעמדע ייִדן, פרעמדע מאַנספאַרשוינען

באַקען איך. גיי ווער נאָנט מיט אַזאַ איינעם... איינער איז מיר שוין געפעלן, כ׳וואָלט געקענט ווערן נאָנט מיט אים. איך האָב זיך אַראָפּ־גענומען עטלעכע יאָר פון מיינע יאָרן. ער איז געווען אפשר יינגער פון מיינע אמתע יאָרן. געשעפטסמעסיק האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וויל נאָך האָבן אַ קינד. ער האָט נישט קיין קינדער. גיי האָב איצט קינדער... כ׳בין נישט די מוטער שׂרה... איך האָב אים נישט דערציילט וועגן מיינע אייניקלעך — האָט זי צוגעגעבן.

איצט איז זי געקומען מיט אַ שליחות צו מיר. פעלאַ האָט געפרעגט ביי מיין שוועגערין אויף מיר. זיי ווילן טאַקע דורכפירן צווישן מיר און פעלאַן אַ שידוך.

— עס וועט זיין גאָר פּאַסיק — האָט מיין קוזינע צוגעגעבן.

איך האָב אויפגעציטערט, זיך גיך באַהערשט, טרוקן געענטפערט:

— אַזוי גאָר? דאָס מאָל שוין פאַר מיר אַ שידוך?...

מיין קוזינע האָט מיך אָנגעקוקט. איך האָב שוין געשוויגן, באַהאַלטן מיין אויפרודערונג. זי האָט אַ באַליידיקטע געפרעגט קורץ, ווי גאַרנישט איר טבע:

— ווילסט זיך טרעפן מיט איר? זאָג.

— ניין — האָב איך קורץ געענטפערט. ערשט איצטער באַמערקט, אַז כ׳האָב זי נישט געבעטן זיצן.

— אַליין איז דיר בעסער? אַז אַך און ווי...

*

שוין אַריבער אַ חודש צייט ווי מיין קוזינע מיידט מיך אויס און איך בין זיך נוקם אין איר און אין פעלאַן, און נוקם אין זיך. איך דערנענטער זיך נישט צו קיינעם. אויס ברודער. קין האָט געהרגעט הבלן — טראַכט איך.

קין האָט געהרגעט הבלן. און איך בענק צו מיין ברודער. און אין מיר זיצט אַ שלאַנג וואָס רייצט מיך קעגן מיין ברודער. איך בענק צו פעלאַן און מייד זי אויס צו טרעפן.

אין מיין געגנט בויט זיך אַ הויז. קעץ האָבן זיך דאָרטן געמאַכט זייער וווינונג. אַלע טאָג קומט צו גיין אַ זקנה צו זיי, פאַרוויקלט אין אַ שאַל, איינגעהויקערט, דאָס פּנים צעאַקערט פון קנייטשן, פאַרטריקנט, די אויגן האַלב־בלינדע, פאַרשטאַרטע. זי ברענגט עסן פאַר די קעץ. אין איין קריגעלע מילך, אין אַ צווייטן לאָקשן, זי טיילט עס פונאַנדער אין פאַרזשאַווערטע שאַכטעלעך פון קאָנסערוון.

— קוצי, מוצי, פּיצקעלע, שבבה, בובהלע, שמנה, שחורה — רעדט זי צו זיי, גלעט זיי מיט אירע פאַרטריקנטע, ביינערדיקע הענט. דאָס פּנים צעשמייכלט זיך אין אַ גרימאַס. אַזוי אַלע טאָג. איך שטעל זיך אָפּ דער־נעבן. דערנאָך גיי איך צוריק, איך גיי צו צום פּאָסטקעסטל. מען ברענגט מיר נישט קיין בריוו. איך צינד אָן דאָס ליכט אויף דער מרפּסת, אַז מיין ליכט זאָל זיך אויסמישן מיט ליכטער פון די שכנותדיקע דירות.

שפּעטער, ווען ס'באַהערשט מיך אַ מין פּחד פון אָפּגעשלאָסנקייט, צינד איך אָן שטיל דעם ראַדיאָ. אין דער פרי באַרויִקט די זון די נאַכ־טיקע פּחדים. כ'דאַרף גיין צו דער אַרבעט. אַלע טאָג די זעלבע קלאַנגען פון דורכפאָרנדיקע אויטאָס.

אין אָוונט, אין דעם קעגן־איבערדיקן הויז, טומלט זיך מיט געסט. אַ צווייטער שכן זיצט אין דער פּיזשאַמע, עסט, שמועסט מיטן ווייב. פון אַ דריטן הויז דערטראָגן זיך פריילעכע קינדערשע קולות.

דאָס אויג און אויער איז צוגעוווינט צו דעם. עס פּילט אויס די פרייע שעהען פון טאָג. אינעווייניק ביי מיר איז גאָרנישט אַזוי גוט, און אויך גאָרנישט אַזוי שלעכט.

פאַר וואָס נישט וועלן זיין אַליין?

עס וועט לייכטער זיין אין צווייען?

כ'וועל גיין צו מיין קוזינע. כ'וועל זיך טרעפן מיט פעלאַן. זאָל זיין אַ שידוך.

*

פעלאַ האָט אויך געטראַכט: לייכטער וועט זיין אין צווייען.

מיר האָבן זיך געטראָפן. שפּאַצירט, געשמועסט, געלאַכט, ווידער זיך

געטראָפן. מיר האָבן געוווסט וועגן ציל פון די טרעפונגען. געטראַכט צו ווערן אַ צוגעפּאַסט פּאָרל. אָנגעהויבן רעדן וועגן חתונה האָבן. ביז מיר האָבן חתונה געהאַט.

אויסערלעך איז אַלץ בסדר. פעלאַ גיט אַכטונג אַז עס זאָל מיר נישט פעלן אין טעלער, דער מאָגן זאָל זיין פול. מיר שמועסן געמיטלעך, אָבער מערסטנס רעדט זי אַליין.

פון אָנהייב איז אָנגעגאַנגען די שפּיל אין ליבע, דערנאָך אַן אויס־געלאָשענער, אַ שווייגעוודיקער האָב איך זיך האַלב צוגעהערט צו אירע רייד: ווי יענער האָט זי געטראָגן אויף די הענט...

און איך? איך האָב געהאַט מיינע טראַכטענישן. און זי האָט געוויינט.

אַלץ האָב איך געטאָן פאַר איר, נאָר וויינען פאַר איר האָב איך נישט געקאָנט, נישט געוואָלט. מיינע אינטימע שפּירונגען זענען נישט געווען פאַרהוילן פאַר איר — זי האָט אַלץ געזען אויף מיין פּנים.

יענער האָט זי „געטראָגן אויף די הענט". איך האָב אויך דאַרקען געטראָגן אויף די הענט. האָב איך אין איר געזוכט דאַרקען, און נישט געפונען. ביידע האָבן מיר געזוכט... און נישט געפונען.

זי האָט אָנגעהויבן גיין אויף אַ באַזונדערן וועג, און איך אויף אַ באַזונדערן וועג.

פעלאַ האָט געזוכט זיך נוקם זיין אין מיר, ווייל איך בין נישט יענער, געזוכט — ראַפינירט — מיר ווי צו טאָן. זי האָט אַרויסגענומען פון אַ באַהעלטעניש דאָס צלמל וואָס זי האָט „דאָרטן" געטראָגן אָנצוגיין אַלס אַריערין, זיך להכעיסדיק געשפּילט מיט אים.

„עס האָט מיר אָפּגעראַטעוועט מיין לעבן."

דער צלם האָט איר אָפּגעראַטעוועט איר לעבן... דער שטאָל פון צלם עסט זיך אין מיר איין מיט אַ שאַרפער קעלט.

— צו די זשידלאַקעס געקומען, בעסער וואָלט געווען ביי... דיך האָב איך פיינט, פיינט. פיינט „אייער" מדינה צוזאַמען מיט דיר.

כ'האָב זי אָנגעקוקט: איר שטים האָט געציטערט ווי צום וויינען.

דער טרויער אין די אויגן, דער ווייטיקלעכער גרימאַס, דאָס איידעלע פּריצישע פּנים — אַלץ האָט אָפּגעלייקנט אירע ווערטער. זי מיינט עס נישט.

אָבער דאָך...

זי גייט אַוועק פון מיר. איר ליבע איז נישט געווען פאַר מיר, פונקט ווי מיינע פאַר איר.

ווי לאַנג האָט עס געדויערט ביי אונדז?

ווען עס האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן, האָבן די ביימער געבליט. די זייטיקע שטעגן זענען געווען פול מיט כלניות, געלע און וויאָלעטע בלומען. דערנאָך זענען אַדורך חמסינען, הייסע זומערטעג. איצט פאַלן געלע בלעטער פון די ביימער, די פּרימאַרגנס און אָוונטן זענען קאַלטע. איך בין אַליין. טראַכט וועגן וואַרעמע שטעקשיך, ביי אַ וואַרעמען אויוון.

איצט בין איך ווידער אַליין, אָן פּלאַנען. איך קען זיך אַרומקוקן, טראַכטן, וויפל איך וויל. כ׳טראַכט: וואָס איז בעסער — זיין אַליין מיט זיך, צי זיין אַליין אין צווייען?

*

די וועלט וואָס האָט ביי מיר באַקומען די איצטיקע צורה האָט זיך געשטאַלטיקט דורך די יאָרן „דאָרטן". פאַראַן איצט טעג וואָס איך נער זיך מיט גאָרנישט, פּיל זיך אָן מיט גאָרנישט, און באַרויִק זיך מיט גאָרנישט. זאָלן גיין די טעג. זאָל געשען וואָס עס דאַרף געשען. אַ שומר. איך גיב אויס צייט אויף טראַכטן וועגן מיין ברודער, אויף זוכן חסרונות דווקא ביי מיין ברודער.

„וואָס מיר ברודער — קין האָט געהרגעט הבלן"...

זאָל ער זיין אין זיין וועלטל, נישט אַריינקריכן צו מיר אין מיין דירה! — אַזוי האָב איך געטראַכט מיט פאַרדראָס, נישט זעענדיק אים אַ צייט. אָבער ווען ער איז פאַרפאַרן צו מיר — האָט מיין האַרץ אויפֿגעצאַפּלט מיט פרייד. ווען ער האָט אויף מיר געקוקט — און גוטסקייט איז געווען אויף זיין פּנים — האָב איך זיך דערפילט שולדיק לגבי אים, פאַר מיינע שלעכטע געדאַנקען וועגן אים. מיין ליבשאַפט צו אים איז

געוווען אין־לשער. כ׳וואָלט זיך מיט אים אַרומגענומען ווי דעמאָלט, ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש.

נישט איך, נישט מיין ברודער זענען די קינס.

— פעלאַ וויל זיך מיט דיר זען, זי איז געווען ביי אונדז.

כ׳האָב געמיינט אַז ס׳איז געענדיקט מיט פעלאַן, זי האָט זיך אָבער אַריינגעפלאָנטערט, אַריינגעפלאָכטן אין מיין לעבן — אַזוי פיל איך איצט. צי איז שוין יענער פאַרשוווּנדן אויף אייביק?

*

פעלאַ איז געקומען און איך האָב ברייט געעפנט די טיר פאַר איר. זי האָט איצט אַ געל, אויסגעלאָשן פנים, אָבער זי זעט אויס פּריציש. זי זיצט אױף בייסט זיך די נעגל.

— דו ווייסט דאָך, נערוון... דו פאַרשטייסט דאָך... דו פאַרשטייסט מיך... צי איך פאַרשטיי זי?...

און איך? בין איך אַ מלאך? — פרעג איך זיך אַליין.

איך הייב אויף צו איר מיינע אויגן: זי שמייכלט איידל, פאַרשעמט, איר ברוסט באַוועגט זיך ריטמיש, די הענט ציטערן לייכט...

זי האָט דען קעגן מיר געזינדיקט? — פרעג איך זיך ווידער.

איך גיב זיך נאָך נישט אָפּ קיין חשבון, אָבער איך פיל אַז עס פרייט מיך וואָס זי איז געקומען.

— כ׳וועל גרייטן קאַפע — שטעלט זי זיך אויף — ביסט מסכים? — פרעגט זי בעטנדיק און האַלב פאַרשעמט.

— איך וועל צוגרייטן. מאָרגן וועסטו צוגרייטן — שטעל איך זיך אויף — אָט אַזוי איז בעסער, אין צווייען...

איך האָב זי נאָך קיין מאָל נישט געפילט אַזוי נאָנט, כ׳האָב אַוועקגעדרייט מיין פנים, צו באַהאַלטן מיינע געדאַנקען.

אָבער סיי ווי האָט זיך געטראָגן צו איר פון מיר, דורך היגטערוועגן, מיין הסכמה צו איר צוריקקער.

# נאָכן געיעג

אים דאַכט זיך, אַז ער שטייט אויף אַ הויכן משופּעדיקן באַרג און אונטן לויערט אַ שוואַרצער אַפּגרונט, די מינדסטע באַוועגונג — און ער פאַלט. נישט פאַראַן אַן וואָס זיך אָנצוהאַלטן, צו ראַטעווען זיך. ער זוכט אין דמיון עפּעס אַן אָנהאַלט. ער איז אָבער געוווינט צו חשבונות, נישט צו קיין גריבלענישן. ביז אַהער געקלערט בלויז וועגן געשעפטן, וועגן ציפערן. נו, ווערט מען טאַקע אַ שטיק ציפער — טראַכט ער.

„יאָ, כ'וועל געבן צדקה. ביי סכנת־נפשות פלעגט מען אַ מאָל אַלץ אַוועקשענקען, כדי אָפּשרייען דעם גזר" — דערמאָנט ער זיך פון דער אַלטער היים.

„צעטרענצלען אַלץ, דאָס גאַנצע שווער פאַרהאַרעוועטע פאַרמעגן ?..."

— וויל עפּעס אין אים נישט מסכים זיין.

„יאָ, אַוועקשענקען אַלץ און זיך נוקם זיין אין די אײדעמס, די יורשים מיינע..."

ער קען שוין דאָס מער נישט צוזען, עס וואַרגט אים אַזש. יעדן שבת און זונטיק קומען זיי, די טעכטער און אײדעמס. מיט אַ פּיפּערייַ פון אויטאָס, מיט רעש און געפּילדער פילן זיי אָן דאָס הויז. ביידע אײדעמס גייען זיך אַרום אין גאָרטן, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, באַטראַכטן יעדן בוים, שטעלן זיך אָפּ, רייסן אָפּ אַ פאַרטריקנט צווייגל, ריידן צווישן זיך, מאַכן מיט די הענט. וואָס מער יענע באַלעבאַטעווען אין זיין גאָרטן, אַלץ מער צאָרן פלאַקערט אין אים; ביי יעדער אָנרירן אַ צווייג, אַ ביימל, איז ווי מען וואָלט אים אַ בלאָטער אויפגעשטאָכן.

אָט האָט אים היינט אָנגענומען אַ חשק זיי אַרויסצוטראָסקען פון הויז און צעטרייבן זיי פון דאַנען. ער האָט זיך שוין פון לענשטול אויפגעהויבן, עפּעס אָנגעהויבן קאָמאַנדעווען, אָבער פאַר אויפרעגונג האָט דאָס קול ווי

געבוורטשעט, געפּאַנפּעט. ער האָט צעשפּרייט די הענט, פּאַרגעסן אַז ער האַלט די קליינע מאַרטאַ, זיין איינציק איינִיקל, אויף די קני.

ער האָט גענומען טוליען מיט צאַרטקייט דאָס קינד, דאָס דאָזיקע איינציקע נפשל, — ווען עס דערזעט דעם זיידן, לויפט עס צו אים מיט אויסגעשטרעקטע הענטעלעך — און זיך באַרויִקט.

עס האָבן גענומען בלאָזן מחיהדיקע ווינטעלעך און דיביימער האָבן זיך צערוישט. ער זיצט שוין אַ רויִקער, אָבער קוים דערנענטערן זיך די איידעמס — הייבט עס אים ווידער אָן ווערגן, ווי זיי וואָלטן אים געשטיקט...

„יאָ — ציט ער ווייטער די רעיונות — כ׳האָב דערגרייכט דאָס וואָס כ׳האָב פון די פריסטע קינדער־יאָרן געחלומט: געחלומט צו זיין אַ גביר. נישט געוואָלט גיין אין די דרכים פון טאַטן און זיידן, צו זיין אַ שניידער, ווי זיי. עס האָט מיך געטריבן פון ענגן צימער מיט דער צערוישטער ניימאַשין, אָנגעהיצטן פּרעסאייזן, און הוסטנדיקן טאַטן. אַ רחמנות געווען אויף דער מאַמען, סיי זומער, סיי ווינטער פאַרוויקלט אין אַ פאַטשיילע; תמיד האָט זי געקרעכצט, אַז זי האָט נישט אין טאָפּ אַריינצולייגן, אַז דאָס בעטגעוואַנט צעשיט זיך און אַלע בגדים זענען פאַרפעדערט״.

ער דערמאָנט זיך ווי ער פלעגט גאַנצע שעהען ליגן אויפן געדיכט־פאַרלאַטעטן בעטל און מאַכן פּלענער, ווי אַזוי צו ווערן רייך. ביי די אַכט יאָר האָט ער שוין געהאַנדלט מיט קאָלירטע פּאַפּירלעך פון צוקערלעך, מיט שטיקלעך בליישטיפטן און העפטן. ווען ער איז ביי די פערצן יאָר אַרויס פון חדר, האָט ער בשתיקה פאַר דער מאַכט, געהאַנדלט מיט ציגאַ־רעטן און טאַשן־מעסערלעך. דער מאַמען האָט ער דערלאַנגט פון צייט צו צייט עפּעס אין האַנט אַריין, פון די קאַרגע גראָשנס פון זיינע פאַרדינסטן.

נישט איין מאָל האָט מען געפּרוווט אים אונטעררוקן אַ ביכל, פאַראינ־טערעסירן מיט תורה־ענינים:

— לאָזט מיך אָפּ! דאָס אַלץ איז קיין שמעק טאַביק נישט ווערט, עס פירט נישט צו קיין תכלית — האָט ער זיך אָפּגעשאָקלט.

די וואָס זיי איז אַלץ לייכט אָנגעקומען, האָבן די מינדסטע אַנונג נישט וועגן די יאָרן פון ראַנגלענישן....

ווען ער איז אָנגעקומען מיט רבקהן, מיט אַ שיף עמיגראַנטן, צו באַזעצן זיך אויף ערד, האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון שיף, כלומרשט צו זען זיך מיט קרובים. אין דער אמתן האָט אים אַוועקגעטראָגן אין שטאָט אַריין, אין בוענאָס־איירעס, צו דערשנאַפּן ערגעץ אַ מיסחר. זיין פאַרמעגן דעמאָלט: פינף רובל פאַרוויקלטע אין אַ פאַטשיילע. ער האָט מורא געהאַט זיי אויסצובייטן, כאָטש אין מאָגן האָט דער הונגער געגרימט.

עס זענען אַוועק אַ סך טעג פון זוכן אַרבעט. אַרומגעלאָפן פון באַגינען, און ווי פרי ער איז נישט געקומען, האָט ער שוין געטראָפן בינטלעך בעלי־מלאכות, מידע און פאַרשלאָפענע, אָפּגעצערטע, זיצן אויפן טראָטואַר, געוואַרט ביז מען וועט דעם טאָזשער טרעפן. לאַנגע פיינלעכע טעג האָבן זיך געצויגן, ביז ער האָט באַקומען אַרבעט ביי אַ שניידער.

דאָס קאַרגע פאַרדינסט האָט מיט שטיקעניש און אָנשטרענג געמוזט סטייען אויף צו דינגען אַ צימער און אויף מאָגערער חיונה פאַר אים מיט רבקהן. בלויז זי, רבקה, פאַרשטייט אים. זי האָט צו גלייך מיט אים געהאָרעוועט אַלע יאָרן.

אויסער זיינע אַרבעטס־שעהען האָט ער נאָך אין דער היים געניית הויזן. רבקה פלעגט זיי אויספּאַרטיקן.

זיי האָבן געשפּאָרט סענט צו סענט. ער פלעגט זיך פאַרהאַלטן ביי די שויפענצטער מיט ווורשט, קעז און אַנדערע גוטע זאַכן, דאָס שפּייעכץ פלעגט אים קומען אין מויל אַריין, אָבער ער האָט זיך נישט פאַרגונען עפּעס צו קויפן.

בלויז איין מאָל, ווען רבקה איז געפאַלן אין חלשות און אויסגעשעפּטע, און דערנאָך ווען זי איז געקומען צו זיך און האָט אים פאַרטרויט, אַ פאַר־שעמטע און פאַררויטלטע, מיט אַ בלאָס־ראָזלעכער פאַרב אויף די אָפּגע־צערטע באַקן, אַז זי וועט ווערן אַ מאַמע — דעמאָלט איז ער מיט אימפּעט אַרויסגעלאָפן, געבראַכט קעז און ווורשט. יום־טובדיק האָבן זיי געקייט די אַלע זאַכן. ער האָט זיך אָנגענומען מיט אַ מין נייער גבורה, האָט איר געקוקט אין די בלויע, שטילע אויגן, אין וועלכע דאָס מאַמעשע האָט זיך שוין געוועלטיקט: מיט צוטרוי האָט זי אויפגענומען זיין זאָרג. אַזוי, יאָרן,

— צווישן אַרבעטסלאָזיקייט און מאָגערע פּאַרדינסטן, מיט עקשנות צו קומען צו „עפּעס״, האָבן זיי אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט, געעפנט אַ שפּייז־קראָם און ס׳איז אַוועקגעגאַנגען גוט.

פון גאַנץ פרי ביז אין דער שפּעטער נאַכט זענען די הענט פול געווען מיט אַרבעט. ער מיטן ווייב,ביידע האָבן הנאה געהאַט פון זייער מי, געגעסן טרוקנס, נישט געווען קיין צייט, אָבער נישט געמאַכט דערפון קיין ווען. און סאַריטאַ ?...

עד־היום קוקט זי אויף טאַטע־מאַמע, ווי זיי וואָלטן איר עפּעס שולדיק געווען. זי פלעגט מוותר זיין אויפן שפּילן זיך מיט די קינדער אין דרויסן און אַריינקומען מיט אַ געוויין, זיך קלאַמערן אין דער מאַמען, געוואָלט צערטלעכקייטן...

„צי האָב איך עס פאַרלאַנגט פון מיין מאַמען, ווען כ׳בין געווען אַ קינד ?״ — פּרוווט ער זיך דערמאַנען — „איך געדענק נאָר דעם הונגער און די דאגה וועגן אַ שטיקל ברויט״.

סאַריטאַ אָבער האָט עס נישט געפילט, זי האָט תמיד געהאַט עסן צו זאַט. האָט איר דען עפּעס געפעלט ?... „מסתמא פון ווילטאָג גלוסט זיך איר צערטלעכקייטן״ — האָט ער געטראַכט.

און די מוטער פלעגט איר געבן אַ זשמעניע צוקערלעך, אַבי זי זאָל גיין צוריק זיך שפּילן אין דרויסן — „בישטאָ קיין צייט, גיי זיך שפּילן!״ — האָט רבקה זי אָפּגעשטופּט נאָך קורצע אייליקע קושן.

הערש האָט באַלד דערפילט, אַז סאַריטאַ האָט פיינט דאָס געוועלב, פיינט די קונים, אויך דאָס שפּילצייג פלעגט זי צעברעכן מיט צאָרן: „זי וויל דעם טאַטן, די מאַמען, גיין מיט זיי שפּאַצירן אַ מאָל״.

שפּאַצירן ? סיי שבת, סיי זונטיק איז דאָס געוועלב אָפן. דעמאָלט איז גאָר דער פדיון גרעסער. מיט תענוג האָבן זיי געציילט און געחשבונט דעם וואָס אַ מאָל גרעסערן ריווח.

זיינע אָנגעשפּיצטע, וואַכזאַמע נאָזלעכער (דאָס האָט אַ מאָל רבקה מיט אַ שמייכל געזאָגט: ער האָט אָנגעשפּיצטע, וואַכזאַמע נאָזלעכער צו מיסחר) האָבן דערשנאַפּט וועבעריי.

— רבקה, כ׳וועל זיך לערנען וועבערײַ. סאַריטאַ וועט מיט דיר זײַן אין געוועלב, הערסט: מ׳ווערט גאָר גרויס דערבײַ — האָט ער זיך גערדרייט אַ צעהיצטער — עשירים וועלן מיר זײַן.

אין אַ פירשטעטל איז ער אַוועק זיך לערנען וועבערײַ. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט ער שוין אויסגעלייגט פאַרן ווייב זײַן גאַנצן פּלאַן:

— פון דעם איז קליינע פאַרדינסטן — האָט ער געוויזן אויפן געוועלב — מיר וועלן זײַן פאַבריקאַנטן, קויפן וועבשטולן.

רבקה האָט זיך געקווענקלט, נישט געוואָלט מסכים זײַן.

— אַזאַ פרנסה אַוועקשטויסן?...

זײַן רבקה האָט אָבער תמיד געהאַט צוטרוי צו אים.

אין אַ פירשטעטל האָבן זיי געדונגען אַ הויז, געקויפט צוויי וועבשטולן. געוועזן אַן אַלט הויז מיט אַ גרויסן „סאַלאָן" פון פאַרנט, צו דער אַרבעט.

ביידע אַרבעטן איצט סיי שבת, סיי זונטיק. און ווידער אָפטע איבעררײדן מיט סאַריטאַן:

עס געפעלט איר נישט דאָס כסדרדיקע קלאַפּן, די פּאַכמענישע שמועסן. כסדר קרימט זי זיך:

— קאַצענעס, מעטערס, פעדעם, טויזנטער, טריק, טראַק, אַז די אויערן פּלאַצן.

עס געפעלן איר נישט די שאַכטלען, אָנגעשטעלטע אין די צימערן. זי וויל נישט העלפן אַרבעטן.

ער שרײַט אָפּט אויף זײַן טאָכטער:

— גיי דיר פון מײַנע אויגן, גוט טעכטערל. „פּאַקאָיעס, סאַלאָנען" ווילסטו האָבן? זיי וועלן דיר פרנסה געבן? אַז דו וועסט חתונה האָבן, וועסטו קענען לעבן בלויז פון דײַנע שיינע אויסגעפּוצטע „פּאָקאָיעס" און פון די ביכלעך וואָס דו לאָזסט נישט אַרויס פון האַנט?

ער האָט געזען דעמאָלט אירע ביטולדיקע בליקן צו טאַטע־מאַמע. „וואָס פאַרשטייט זי, אַ זאַטע, וואָס האָט קיין מאָל קיין הונגער נישט געליטן, נישט געוווּסט פון שווער האָרעווען, פון ראַנגלען זיך פאַרן ביסן..." — ציט ער ווייטער זײַנע געדאַנקען.

„וואָלט זי זיך כאָטש צוגעקוקט צו דעם האָרעווען פון די צענדליקער אַרבעטערס ביי אים, וועלכע האָבן קוים פון זייער האָרעווען אויף חיונה... וואָלט זי כאָטש געפילט דעם טעם פון יענעם, מיטן געלן פנים...״

„ווי האָט יענער געהייסן? — פרוווט ער זיך דערמאָנען — געאַרבעט ביי אים אַ לאַנגע צייט. נאָך אַ שווערער קרענק אַרויס פון שפיטאָל. געקומען צוריק אַרבעטן. די מראה פון פנים געל״.

— מיט אַזאַ פנים דאַרף מען פאָרן זיך אָפּרוען אין די בערג, אין קאָר־דאָבאַ, נישט אַרבעטן — האָט ער צו אים געזאָגט.

— קיין קאָרדאָבאַ?... כ׳פאַרמאָג נישט קיין סענט. מיין פרוי און קינדער דאַרפן עסן, איך אויך, אין אַזאַ צושטאַנד... — האָט ער שטיל צוגעגעבן.

— אַ גרויסע שטאָט בוענאָס־איירעס, פאַראַן ווו צו גיין בעטן הילף...

— כ׳וויל אַרבעטן, כ׳בין נישט קיין בעטלער! — איז יענעם דאָס גאַנצע בלוט געקומען אין געלן פנים אַריין.

— טוט וואָס איר ווילט. נישט מיין דאגה...

— אָבער... — האָט זיך יענער פאַרהוסט.

— דאָ איז נישט פאַראַן פאַר אייך קיין אַרבעט! — און ער האָט זיך צו אים מיט דער פּלייצע אויסגעדרייט.

זיינע טעכטער און איידעמס ווייסן נישט פון דעם אַלעם, זיי וועלן קומען צום גרייטן... זיי, וואָס האָבן קיין מאָל שווער נישט געהאָרעוועט.

און אים האָט דער אימפּעט געיאָגט פאָרויס. טעג, יאָרן אין איין וואָכעדיק יאָגעניש נאָך געלט. הענט שוואַרצע פון כסדרדיקן גראַבלען זיך ביי די מאַשינען. מען דאַרף שבת און זונטיק גרייטן אַרבעט פאַר די אַרבעטערס, ציִען פעדעם. און ער האָט נישט קיין קוואַליפיצירטע אַרבעטערס, מען קען פון זיי בדלות ווערן, נאָר צאָל זיי גרויסע לוינען — גרויסע יחסנים, האַלטן זיך אין דער מעלה...

ביי נאַכט, טייל מאָל, קוים וואָס ער שלאָפט איין! — מיט אַ מאָל: „ענריקע! — וועקט מען אים — אַ מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט״. ער האָט דערגרייכט ס׳זייניקע:

אַ גרויסע שילד איבער אַ ריזיקער פאַבריק־געביידע. צענדליקער וועב־

שטולן. די אותיות פֿון דער שילד לייכטן, טאַנצן און זינגען פֿאַר אים.

צייט צו קלערן וועגן שידוכים פֿאַר די צוויי טעכטער. נישקשה, ער קען זיך פֿאַרגינען רייכע און יחוסדיקע חתנים. אָבער סאַריטאַ, ווי תמיד, האָט די עלטערן אויסגעשטעלט אַ פֿייג:

— כ׳וועל מיר נעמען וועמען כ׳וועל וועלן!

שיין איז זי געווען — מלא־חן. טייל מאָל, ווען זי פֿלעגט אַדורכגיין, פֿלעגט ער זיך מיט רבקהן מיט די בליקן איבערוואַרפֿן, טרערן פֿון פֿרייד געווען אין דער מאַמעס אויגן.

איין מאָל איז זי אַהיימגעקומען מיט אַ בחור.

— דאָס איז מיין חתן. — האָט זי אים קורץ פֿאַרגעשטעלט.

— דיין חתן? — האָט אים הערש אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן, באַ־מערקנדיק זיין אויסגעריבענעם אַנצוג, קיין גבירישקייט נישט געווען צו זען אויף אים.

— דיין חתן? — איז רבקה צעטומלט געוואָרן, געפּרוּווט שמייכלען, נישט געפֿונען קיין ווערטער, געקוקט אויף הערשן, באַמערקט זיינע בייזע אָפּמעסטנדיקע בליקן, זיך געשראָקן עס זאָל נישט אויסברעכן אַ מחלוקת. באַלד האָט זי געשטעלט כיבוד, געבעטן צום טיש, צוגעוואָרפֿן הערשן בעטנדיקע בליקן.

הערש האָט זיך אָנעקגעזעצט האַלב ברוגזלעך, מכלומרשט רויִק אָנגע־הויבן:

— חתן? אַזוי גאָר? אַזוי, אַן טאַטע־מאַמען?... נו, יונגער־מאַן, וואָס איז אייער באַשעפֿטיקונג?

— אַן אָנגעשטעלטער אין אַ געשעפֿט.

— אַן אָנגעשטעלטער, אַ פֿאַרקויפֿער אין אַ קראָם... אַזוי, אַזוי...

— קום, אַלבערטאָ! — האָט זיך סאַריטאַ אויפֿגעהויבן.

— הערש... — האָט זיך ס׳ווייב געבעטן.

— כ׳וועל נעמען וועמען כ׳וועל וועלן! — סאַריטאַ האָט אַרויסגעפֿירט דעם צעטומלטן בחור, זי האָט אים אין דרויסן אָפּגעזעגנט און האַסטיק אַריין צוריק.

— כ׳וועל אַוועק פון שטוב, אַלץ איינס מיט וועמען! — האָט זי אַרויס־געפּלאַצט און די שוואַרצע אויגן האָבן געשאָטן פונקען. — כ׳האָב פיינט אייער געלט, כ׳וויל נישט קיין רייכן חתן! — האָט זי געטופּעט מיט די פיס.

— מיר מיינען דיין גוטס, קינד, — האָט די מאַמע זיך געבעטן — מירן זען ווער ער איז... נאָר דיין טובה מיינען מיר...

— מיין טובה... איר האָט מיך געשיקט אין אַ שול, קוים געענדיקט זעקס קלאַסן, האָט איר מיך איינגעשפּאַנט אין פאַרהאַסטן מיסחר. דאָס וויסן וואָס כ׳האָב דערוואָרבן איז בלויז אַ דאַנק מיר, איר האָט מיך געטריבן אין געשעפט אַריין, נישט גערעכנט זיך מיט מיין ווילן!

— עס שטייט דיר נישט אָן, גוט טעכטערל?! דו ביסט אַ גבירישע טאָכטער אַ דאַנק טאַטע־מאַמעס האָרעווען טאָג און נאַכט, שבת און זונטיק...

— האָט ער מיט כעס געענטפערט.

— כ׳וויל נישט, כ׳וויל נישט אייער עשירות!

— הערש, וואָס האָסטו צו אים? ער זעט אויס אַ ווילער בחור — האָט זיך רבקה איינגעשטעלט.

באין־ברירה האָט מען געמוזט שלום מאַכן אין שטוב.

„אַז דאָס גוטע טעכטערל וויל אַזוי...״

זיי האָבן געוווּסט אַז קעגן סאַריטאַס ווילן איז נישט פאַראַן קיין כוח.

ווען דער בחור פלעגט קומען אין שטוב, פלעגט הערש זיצן מיט פינצטערע בליקן און באַטראַכטן דעם בלישטשענדיקן אָפּגלאַנץ פון זיין אָפּגעניצטן אָנצוג; אַ ווידערווילן האָט ביי אים אַרויסגערופן דעם חתנס טבע זיך צו גלעטן די קליינע וואָנסעלעך און די צעקאָדערטע טשופּרינע.

— די קליינע וואָנסעלעך זענען די איינציקע זאַך מיט וואָס ער קען שטאָלצירן, דעריבער גלעט ער זיי כסדר, צו זען, צי ער האָט זיי. אָן דעם בלייבט ער ביי גאָרנישט — האָט ער געזאָגט צום וויב — און ער וועט דאָס זיין אונדזער איידעם, אונדזער יורש... — האָט ער ווייטער צעפירט די הענט

— זי זעט נישט ווער ער איז? און איז אויך נישט איבעריק קלוג!

רבקה האָט געזיפצט, זיך געווישט די אויגן, געוועזן הילפלאָז, פּונקט ווי ער.

שוין גאָר אַן אַנדער בחור האָט זיך קלאַריטאַ פון אַ טאַנצאָוונט געבראַכט. אַ זיכערע אין איר אויסוואַל, האָט זי אים פאַר טאַטע־מאַמע פאָרגעשטעלט. אַ דיקלעכער, ברייטפּלייציקער, אַ גבירישער זון. גאָר אַן אַנדער הילוך: דער אָנצוג אַ פיינער, די הויזן געפּרעסט אויף דער נאָט, מ׳זעט — ער האַלט זיך אין דער מעלה. און וועגן אַ תכלית איז אויך נישט נייטיק צו ריידן, ווייל ער שטייט שוין מיט אַ געשעפט פון מאַנופאַקטור.

הערש פאָלגט נאָך דעם חתנס באַוועגונגען, און דער וואָרעם וואָס טאָטשעט אים קעגן אַלבערטאַ, סאַריטאַס חתן, הייבט אויך אָן צו טאָטשען קעגן אים, קעגן קלאַראַס חתן. ווען זיי גייען אַ מאָל פאַרברענגען, באַמערקט הערש ווי דער בחור לאָזט זיך ווילגיין. טרינקט אַ סך, עסט אַ סך. און עס וואַקסט ביי הערשן אַ ווידערווילן צו אים:

— ער זיצט און זשלאָקעט ביר, זעט אויס ווי אַ בער, מיט זיינע כיטרע, פון אַלעמען אָפּלאַכנדיקע אויגן — האָט ער געטענהט צום ווייב.

עס האָט זיך אים אָנגעהויבן דאַכטן, אַז דאָס דערלויבט זיך דער חתן אויף זיין חשבון, אויפן חשבון פון זיין אָנגעהאָרעוועט האָב און גוטס, בעת ער גופא האָט זיך נישט פאַרגונען גאָרנישט.

סאַריטאַס חתונה האָט מען געפּראַוועט אויף אַ גבירישן שטייגער. דער חתן — אויסגעשטאָט פון דער כלהס עלטערן אין אַ שוואַרצן פראַק, מיט אַ בלום אין לאַץ, — האָט געגלעט די צעפּאַלדעוועטע טשופּרינע און די געטאָקטע וואָנסעלעך; אין גאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַרויסגענומען פון אַ מאָדע־זשורנאַל, אַפילו דער שמייכל זיינער.

די כלה האָט אַרויסגערופן באַגייסטערונג. אַ בלאַסע, מיט גרויסע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף אַלעמען און, דאַכט זיך, קיינעם נישט באַמערקט.

רבקה איז געווען אין איר גבירישן שטאַט, מיט ברילִיאַנטענע אויער־רינגלעך און צירונג. דער פאַרזאַמלטער עולם אין דרויסן, פאַרן טעמפּל, האָט געהאַט אויף וואָס צו קוקן.

עס שימערירן לאָמפּן. דער גאַנצער זאַל טונקט זיך אין בלומען, פּאָרלעך טאַנצן, די קעלנערס טראָגן אַרום געטראַנקען, צובייסנס. עס פינקלען די בריליאַנטן אויף די הענט און העלדזער פון די גבירישע פרויען.

הערש און רבקה גייען אַרום צווישן עולם, מ׳וואַרפט זיך צו באַ־גריסונגען, מ׳שמועסט. פּלוצעם האָבן זיך דערהערט געלעכטערס. הערש האָט דערזען ווי דער שווערלייביקער, קלאָריסאָס חתן, איז אַרומגעשפּרונ־גען, זיך יאָגנדיק נאָך אַ דאַר, הויך מיידל. זי האָט געהאַלטן אַ ווייס טיכל אין האַנט.

— אַלע טאַראַ! אַלע טאַראַ! — האָט דאָס מיידל געקרופן, ווי אין אָקסנקאַמף. און דער חתן איז געשפּרונגען און געסאָפּעט.

— מיינע איידעמס... וואָסערע מינהגים אויף אַ יידישער חתונה?! — האָט ער געגעבן אַ געשריי און באַלד דערפילט ווי עס שווינדלט אים פאַר די אויגן, און — געפאַלן אין חלשות.

ווען מען האָט אים דערמינטערט האָט ער זיך דערפילט ווי איינער, וואָס נאָך אַ שווער יאָגעניש בלייבט ער פּלוצעם שטיין אַ פאַרסאָפּעטער, אַ מידער, מיט ציטער און שוואַכקייט אין אַלע זיינע גלידער פון צו פיל לויפן. ער זיצט שוין, אָבער די מידקייט גייט נישט אַרויס פון געביין.

די לויפנדיקע טעג זענען זיין גרעסטער אומברחמנותדיקער שונא. דער הענגענדיקער זייגער קלינגט אויס גאַנצע און האַלבע שעהען און דער קאַלענדער דערנענטערט וואָס אַ מאָל מער צום שבת מיט די ריחות פון געבעקס און געבראָטנס, צוגעגרייט פאַר זיי... און דאָס הויז פילט זיך ווידער אָן מיט רויש און געפּילדער פון די טעכטער און איידעמס.

ביי הערשן האָט זיך דאָס אַלץ איינגעגעסן אין די געהירן ווי אַ דאָרן. ווי אַזוי האָט זיך אַ זאַך, וואָס איז פריער געווען פול מיט מזל און ברכה, געקענט פאַרוואַנדלען אין אַ קללה? און עס פּיקט אין די געהירן, עס פייניקט...

כאָטש אַלע זעקס צימערן פון דער לוקסוסדיקער ווילע זענען פיין און מאָדערן אויסגעמעבלירט, דאָך ווייען זיי פאַר אים מיט פוסטקייט.

כאָטש ברייט און רחבותדיק זענען די פענצטער צעפּראַלט אין דרויסנדיקן גאָרטן אַריין, עס טרעלן פויגלען, בלומענבייטן פאַרכאַפּן דאָס אויג, עס טראָגט זיך אַ מחיהדיקער ריח פון פריש געשניטן גראָז — אָבער אים איז עס נישט ניחא. אַ גרויסע שרעק איז אים באַפאַלן, אַז ער קען דאָס אַלץ אָנווערן.

די פּוסטקייט שטיקט הערשן מיט אַזאַ פּיין, אַז עס ווערגט אים ביים האַרצן, רופט אַרויס לאַנגע שטיקנדיקע אָנפאַלן פון הוסט. כאָטש די דאָקטוירים קורירן אים פון אַסטמע, פילט ער טיף אינעווייניק, ווי נישט דאָס איז עס, וואָס די דאָקטוירים זאָגן. ער, הערש, וואָס האָט כמעט דאָס גאַנצע לעבן געחשבונט, נישט פאַרנומען זיך מיט אַנדערע רעיונות, איז איצט אַ שוואַך מענטשעלע, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט פאַמעלעכע טריט, צוליב זיינע מחלות און דאגות. און רעיונות, ווי ווערעם, קריכן אין קאָפּ; אַלע טאָג דאָס זעלבע; ער מוז האָבן רו, פיל רו, צוליבן האַרץ.

„סוף־כל־סוף, אַזאַ עשירות, אַ קלייניקייט! אַליין דערגרייכט... צענ־דליקער אַרבעטער אַרבעטן פאַר אים טאָג און נאַכט... מען איז אים מקנא, טאַ ווי אַזוי קען ער האָבן רו?...“

„איך קען דאָך כמעט נישט דעם דרויסן, גאָרנישט טועם געווען פון מיין לעבן, — קריכן אים ווייטער די רעיונות אין קאָפּ — תמיד געווען פאַריאָגט און זיי גייען זיך דאָ שבת און זונטיק אַרום, ווי זיי וואָלטן דאָ געווען די בעלי־בתים“.

*

זונטיק ביי נאַכט. זיי זענען זיך שוין צעגאַנגען. הערשן נעמט נישט דער שלאָף. ער קוקט אַרויס אין דער שוואַרצער פינצטערניש פון דרויסן. ער פילט ווי פון דער שוואַרצקייט לויערט אַן אומהיימלעכע סכנה אויף אים.

עס גלוסט זיך אים רייסן קברים, בעטן רחמים, ווי ביי סכנת־נפשות. פאַר פחד צינדט ער אָן אַלע לאָמפּן, ווייל צערייסן די געדיכטע פינצטער־ניש, און אָוועקטרייבן דעם מלאך־המוות.

עס צעשיינען זיך די לאָמפּן. פון דער בלענדנדיקער ליכט פאַר־מרוזשעט ער די אויגן. פון גאָרטן דערטראָגט זיך אַהער דאָס קוואַקען פון זשאַבעס, די איינטאָניקע קלאַנגען פון גרילן. ער דרייט זיך אויס און טרעפט זיך מיט די בליקן פון זיין ווייב, וואָס זיצט אין בעט, די גרויע האָר צעפּאַטלט, אַ שרעק און חידוש אין איר בליק.

— מיר וואָלטן באַדאַרפט אַלץ פאַרקויפן, זיך מאַכן אַ רייזע, זאָל זיין קיין נאָרד־אַמעריקע, קיין ישראל, מיר קענען זיך פאַרגינען אַלץ. איבערלאָזן פאַר זיי? ס׳זאָל זיי אַזוי לייכט אָנקומען אונדזער שווערע האָרעוואַניע? און זיי וועלן דערפון לעבן אַ גוטן טאָג...

— פאָרן, הערש... און ס׳האַרץ דיינס... טאָרסטו דען פליִען, גיין? דו מוזסט האָבן רו. און אויך איך, מיט מיין הויכן בלוטדרוק... פאָרן מיט דער ערשטער קלאַס און לעבן בלויז פון סוכאַרעס און אַ ביסל גרינס... די פיס טראָגן נישט מער, שוין צו שפּעט...

„זי אויך צו שפּעט"... — טראַכט הערש און דערפילט זיך ווי אַ הונגעריקע חיה פאַרשפּאַרט אין אַ שטייג.

— אוממ... האָט ער אויסגעברומט אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען, זיך געדרייט, געזוכט פון וואַנען צו זוכן הילף.

— צדקה־תציל־ממוות — האָט ער זיך ווידער אָנגעכאַפּט פאַרן גע־דאַנק, ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי.

— כ׳וועל אַוועקשענקען אַלץ. פאַרשרייבן פאַר אַ שול, פאַר ישראל, פאַר יתומים...

— דערבאַרעם זיך, הערש, דיין בלוט און פלייש ווילסטו באַעוולען?...

— נו, איז וואָס פאַר אַ זכות קען מיר איצט ביישטיין? — פרעגט ער מיט אַ פרומען געבעט. אָבער ער זעט איצט קלאָר, אַז ער האָט קיינעם קיין מאָל נישט געזען אויסער זיך. עס שווימען פאַרביי מטושטשע, אָפּגעריסענע, פאַרנעפּלטע דערמאָנונגען. נישטאָ זיך אין וואָס אָנצוכאַפּן.

ער דערפילט ווי ער ווערגט זיך, ער האָט אָנגעהויבן קייכן. די דער־שראָקענע רבקה האָט אויפגעוועקט די דינסטן; אַ ציטערדיקע שטייט זי

איבער אים, דערלאַנגט אים רפואות. איבערגעשראָקן זעען אויס די פּנימער וואָס רינגלען אים אַרום.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט רייסט זיך אַריין אַ לאַנג קייכנדיק־שטיקנדיקער הוסט. די אויגן אָנגעלאָדן מיט פּחד, זוכן אַרום זיך הילף. אין די קורצע איבעררייסן צווישן איין לאַנגן הוסט און אַ צווייטן הערט זיך בלויז דאָס גלייכגילטיקע קוואַקען פון זשאַבעס.

# אומרו

דער קראַנקערס אָנגעשפּיצטע אויגן קוקן אַרויס פון בעט גלייכגילטיק: אויף די נאַסע ווענט מיט דעם אָפּגעקראָכענעם קאַלך, אָדער אויף די פּעק צופוסנס פון איר בעט. ווען איר בליק שטעלט זיך אָפּ אויף איר טאָכטערס פּנים, ווערט ער וואַרעם און אומבאַהאָלפן.

פון דרויסן דערטראָגט זיך אַהער אַ גרויס געפילדער, אַ רעש און אַ פּייפעריי. דעליאַ הערט זיך צו צו דעם געפילדער מיט הייסן אומרו:

„אַך, אַזוי פיל אַרבעט היינט אַרויסצוגעדיקן... אין דרויסן — אַ קאַר־נאַוואַל, און איך זיץ דאָ ביי דעם בעט, ווי אין אַ שטייג...“

פאַר דער האַלב־געליימטער מוטער — ווי זי וואָלט געוואַרט אויף דעם — זענען דעליאַס ווערטער געווען אַ גוטע סיבה צו צעכליפּען זיך. דעליאַ זעט שוין, אַז אַ שטורעם רוקט זיך אָן, די מאַמע וועט איצט וויינען און טענהן, ביז זי וועט ווערן מיד און אויסגעשעפּט. גלוסט זיך איר נאָך מער אַרויסלויפן אין דרויסן צום צעשיינטן טאָג, אַנטלויפן פון דער וויינענדיקער מאַמע און פון די וויינענדיקע ווענט... צום קאַרנאַוואַל. זי איז מיד פון דער קראַנקער מאַמען, פון דער פאַרסאַזשעטער נאַפּטמאַשינקע, פונעם שלעפּן די פּעק אַרבעט פון דער שטריקעריי־פאַבריק כדי זיי אַרויסענדיקן אין שטוב. צוליב דער מאַמען.

„זי וועט סיי ווי אַוועק פון שטוב און איבערלאָזן אַלץ אויף הפקר“ — איר בליק פאַלט אויף דער קראַנקערס פּנים: געל ווי פאַרמעט. די ברוינע אויסגעלאָשענע אויגן קרענקלעך פאַרשפּיצט, רויט פון וויינען; זיי קלעפּן זיך שוין פון מידקייט; זי אָטעמט שווער, דער קערפּער איינגעשרומפּן — פריצייטיק פאַרעלטערט.

דעליאַ דערשטיקט אין זיך דעם כעס, גייט צו צום בעט און מיט האַס־טיקע באַוועגונגען גלעט זי דער מאַמעס קאָפּ:

— ליג רויִק, אַלטיטשקע, וויין נישט, כ׳וועל דיר קויפן רפואות, היינט. דער דאָקטאָר האָט דיר פאַרשריבן.

— עס וועט מיר שוין גאָרנישט העלפן...

— קרעכצסט שוין ווידער! לאָזסט שוין ווידער נישט לעבן? כ׳וועל אַוועק פון שטוב! אַלע זענען אויפן קאַרנאַוואַל, מען טאַנצט, מען מאַכט זיך פריילעך — מען לעבט!... און איך, ווי אַ בעטלערין, קיין רעכט קלייד אַפילו האָב איך נישט.

די מוטער ענטפערט איר מיט אַ פאַרשלאָפּט אָבער אַנטשלאָסן קול:

— קויף דיר אַ קלייד. גענוג רפואות. עס העלפט סיי ווי נישט. קויף דיר אַ קלייד.

— כ׳וועל טאַקע קויפן. שוין צייט. כ׳וויל אויך גיין אַ מאָל אין אַ קינאָ. כ׳בין שטענדיק ווי אין אַ געפענגעניש! כ׳וועל נאָר אַרויסענדיקן די סוועטערס — דער הינטישער באַלעבאָס וויל עס האָבן אויף היינט, זאָל ער ווערן דערוואָרגן!

*

געווען געוועזן אַרויסגיין אין גאַס מיטן פּאַק אַרבעט, ווי די שטימונג האָט זיך איר געביטן. די פיס טראָגן זי מיט אַ פריידיקער לייכטקייט, די אָפענע נאָזלעכער שלינגען דאָרשטיק די יום־טובדיקע גאַסן־ריחות, די אויגן טאַנצן איבער די שויפענצטער און גלעטן די אויסגעשטעלטע פילפאַרביקע שטאָפן, קליידער און וועש. מענטשן איילן אַהין און אַהער, אַריין און אַרויס פון די געשעפטן און דעליאַ לאָזט זיך מיטשלעפן מיטן מענטשנשטראָם. ביי איינעם פון די פענצטער־שפיגלען האָט זי זיך דערזען אין איר אָפּגע־בליאַקעוועטע קלייד צווישן די אויסגעפוצטע שפּאַצירערס. אַ בחור אין אַן אָרעמען הולך, ווי זי, זעט אויס ווי אַ בעטלער, האָט זיך צוגעשטעלט נעבן איר:

— כ׳קען דיר עפּעס קויפן, אַז דו וועסט זיין אַ גוטע — האָט ער איר אַריינגערעדט דיסקרעט אין אויער אַריין, קלימפּערנדיק מיט אַ הויפן מטבעות אין דער האַנט.

דעליאַ האָט אויפגעציטערט, אים אָנגעקוקט מיט פחד. „נאָר אַזעלכע

טשעפּען זיך צו מיר! ווען איך שוין גענומען אין מיין אָפּגעטראָגן קלייד" — איז איר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, — "אויך דעם גרינסהענדלער געפּעל איך, דעם מיט דער צעפלאַטשטער נאָז, און די תמיד נידעריק אַראָפּ־געלאָזטע הויזן". זי האָט זיך אָפּגעטראָגן פון פענצטער מיט אַ פעסטן באַשלוס, אַז זי מוז קריגן געלט. זי וועט זאָגן דעם פאַבריקאַנט, אַז זי מוז היינט דרינגענדיק האָבן געלט אויף רפואות.

נאָך אַ לאַנג וואַרטן אין דער ריי האָט מען זי אַריינגעלאָזט צום פאַבריקאַנט. אירע אויגן האָבן זיך געגליטשט איבער דעם פּנים פון איר ברויט־געבער ווי איבער אַ לוקסוס־פענצטער אויף דער האַנדלסגאַס.

— היינט געלט? היינט איז נישט דער טאָג פון אויסצאָל. רפואות פאַר דער קראַנקער מאַמען? — וואָס דרייט זי אַ קאָפּ?... נו גוט, כ׳וועל פרעגן דעם שותּף.

די באַראַטונג האָט געדויערט גענוג לאַנג, אָבער דעליאַ האָט אירס אויס־געפירט. זי האָט געלט אויף אַ קלייד.

זי איז אַריין אין אַ געשעפט פון קליידער, אָפּגעקליבן, געמאָסטן, זיך געהנדלט פאַר איר אָפּבילד אין דעם גרויסן שפּיגל, ווידער געמאָסטן — ביז זי איז אַרויס פון דעם געשעפט אין אַן עלעגאַנט, געבלימלט קלייד. זי האָט זיך דערפילט ווי ניי־געבוירן, אַ חשק איז איר באַפאַלן — אָפּשטעלן יעדן איינעם פון די פאַרבייגייערס און אויסשרייען: "זעט, קוקט מיך אָן אין מיין נייעם קלייד, כ׳בין מיט מענטשן גלייך..." זי האָט דאָ אויף דער גאַס באַשלאָסן, אַז זי וועט נעמען אַ פּאַק סחורה און גיין מיט אים אין דער פאַבריק, אין דעם נייעם קלייד, און זאָל די קאַסירערין, די מרשעת, די אַלטע מויד, וואָס קוקט אויף איר שטענדיק מיט גרינגשעצונג, פּלאַצן פון קינאָה... אָבער פריִער דאַרף מען לויפן צו דער מאַמען, זי וועט איר קויפן פרוכט, זאָל ביי איר אויך זיין יום־טוב!

איר באַקאַנטער פרוכטהענדלער האָט זי אָנגעקוקט מיט חידוש, זי באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ און רונד־אַרום:

— וואָס איז געשען, רייך געוואָרן?

אַ צעטראָגענע און דערמוטיקטע, האָט זי אים באַצאָלט מער ווי ס'האָט אים געקומט.

— דיר גיב איך צוריק. האָסט מיר באַצאָלט צו פיל. כ'וויל דיך נישט באַעוולען, — האָט דער פּרוכטהענדלער זיך געחנפעט צו איר — אַזאַ מיידל ווי דו קען באַקומען פּרוכט אומזיסט, וויפל זי וויל נאָר...

— גיי צום טייוול, דו אומפאַרשעמטער — האָט זי אים צוגעוואָרפן, אַ פאַררויטלטע פון זיינע אָנצוהערענישן, און איז געלאָפן אַהיים.

דער מוטעו'ס אויסגעלאָשענע אויגן האָבן אויפגעלעבט. אַ גלאַנציקע פייכטקייט האָט זיך צעפינקלט אין זיי, ווען זי האָט געקוקט אויף דער טאָכטער אין דעם נייעם קלייד. דעליאַ האָט אויסגעטאָן דאָס קלייד, עס אויסגעגלייכט אויפן בעט, באַטראַכט פון דער נאָענט, דערנאָך זיך צוריק־געצויגן עטלעכע טריט און באַטראַכט עס פון דער ווייטן:

— עס איז שיין, אמת, מאַמע?

— גיי מיין קינד, טו זיך אָן און גיי צום קאַרנאַוואַל, ס'איז דאָך היינט אַ יום־טוב — האָט זי דערמוטיקט איר טאָכטער און אַן איינציקע טרער, ווי אַ לעצטער טראָפּן פון אַן אויסגעטריקנטן קוואַל, האָט זיך אַראָפּגע־קייקלט איבער דער באַק און געפאַלן אויפן עפּל וואָס זי האָט געהאַלטן ביים מויל — דער טאָכטערס מתנה.

*

דעליאַן האָט זיך געדאַכט, ווען זי האָט געשפּאַנט איבער די באַלעבטע גאַסן, אַז אַלע קוקן אויף איר. זי האָט אויפגעבונדן אירע לאַנגע העלע האָר, זיי פאַרוואָרפן איבער די פּלייצעס און שטיפעריש זיך איבערגעוווּנקען מיט די פאַרבייגייערס.

ווען אירע בליקן האָבן זיך באַגעגנט מיט זיינע, האָט ער איר אַריינ־געשמייכלט אין פּנים אַריין און אומגעריכט פאַר זיך אַליין איז זי שטיין געבליבן פאַר אים ווי פאַרכישופט. ווען זי איז אַרויס פון דער פאַרלעגנהייט און אויף גיך אָפּגעטראָטן צו אַ נאָענטן שויפענצטער, איז ער שוין גע־שטאַנען לעבן איר און מיט דעם זעלבן גוטמוטיקן שמייכל איר פאַרגעלייגט אַריינגיין מיט אים אין אַ קאַפע „טרינקען עפּעס קאַלטס אָדער אפשר

וואַרעמס". זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געענטפערט:

— יאָ, איך וויל טאַקע טרינקען.

ער איז איר געפעלן פון ערשטן אויגנבליק. ער איז נישט ענלעך צו די יינגלעך פון איר הויף, וואָס גלאָצן אויף איר מיט די אויגן און שטייען צו צו איר מיט נאַרישע רייד. ער איז שיין און איז אָנגעטאָן עלעגאַנט. ער האָט איר פאַרגעלייגט צו טרעפן זיך ווידער מאָרגן, אין אָוונט, און זי האָט גלייך איינגעשטימט.

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן. אַ נייַ לעבן האָט זיך צעזונגען אין איר. אַ קוואַל פון הימלשער פרייד האָט זיך פאַר איר געעפנט, צום ערשטן מאָל פאַר אירע אַכצן יאָר, און זי איז צוגעפאַלן צום קוואַל מיט אַלע אברים פון איר יונגן צעפלאַמטן קערפּער. זי פלעגט זיך קוים דערוואַרטן דער טאָג זאָל אַריבער, כדי ווידער לויפן צו דער באַגעגעניש. זי האָט פאַר־נאַכלעסיקט די אַרבעט, ווייניקער זיך אָפּגעגעבן מיט דער מאַמען. יאָ, די מאַמע... זי האָט איצט אויך צו דער מאַמען מער ליבע געפילט, געוואָלט זי צערטלען, מער ווי אַלע מאָל, זי האָט אָבער אויף דעם קיין צייט נישט געהאַט, און די מאַמע איז אַלץ עפּטער צוגעשטאַנען צו איר מיט טענות, פאַר וואָס זי ווערט פאַרפאַלן גאַנצע אָוונטן פון שטוב, פאַר וואָס די אַרבעט פון דער פאַבריק ליגט אויפן טיש כמעט נישט אָנגערירט. און וואָס וועט זאָגן דער אַרבעט־געבער?...

דעליאַן האָבן דער מאַמעס רייד אויפגערעגט. ווי אַזוי קען זי איר דערציילן וווהין זי ווערט פאַרפאַלן, ווי גוט איר איז מיט איר נייעם חבר? היינט וועט זי גיין מיט אים אין זיין צימער, ער האָט זייער הייס געבעטן און זי האָט אים צעגעזאָגט. פאַר וואָס נישט? זי וועט גיין מיט אים ווו נאָר ער וועט וועלן, אויסער אים אַרט איר גאָרנישט! וועט עס די מאַמע פאַרשטיין?

זי האָט אויף גיך אָנגעטאָן דאָס נייע קלייד, צעשפּרייט די האָר איבער די אַקסלען — ער האָט ליב ווען די האָר אירע זענען צעגומען — און איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב צוואַרפנדיק דער מאַמען אַ „זיי־געזונט".

*

אין איינעם אַ טאָג, דווקא דעמאָלט ווען זי האָט אים געוואָלט פאַר־טרויען אַ סוד... איז ער נישט געקומען צו דער טרעפונג. אויף מאָרגן איז זי אַוועק צו זיין אַרבעטפּלאַץ, צום געשעפט ווו ער אַרבעט אַלס פאַרקויפער, און אים אָפּגעוואַרט. ער האָט זיך פאַרענטפערט מיט אַן אַרויסגעצוואונגענעם שמייכל און געגעבן איר צו פאַרשטיין, אַז ער האָט נעכטן נישט געקענט קומען, ער קען אויך היינט נישט, אפשר מאָרגן...

ער איז נישט געקומען נישט מאָרגן, נישט איבער מאָרגן. און אַז זי האָט אָנגעהויבן עפטער אָפּוואַרטן אים ביי זיין אַרבעטספּלאַץ, איז ער געוואָרן אַלץ מער אומגעדולדיק צו איר, ביז ער האָט איר דערציילט דעם אמת:

„ער האָט אַ כלה. זי איז געווען אַוועקגעפאָרן, האָט ער זיך געלאַנג־ווייליקט. אַוודאי געפעלט זי אים, דעליאַ. זי איז אַ שיינע און סימפּאַטישע. אָבער, צי האָט ער איר דען עפּעס צוגעזאָגט? איז איר דען נישט געווען ליב צו פאַרברענגען מיט אים? זי האָט דאָך געהאַט הנאה דערפון. ער ווייסט עס..."

— אַזאַ שיינע מויד ווי דו ביסט, וועלן קיין בעלנים אויף דיר נישט פעלן! — האָט ער צוגעגעבן צום סוף פון זיין ווידוי און איז אַוועק.

„...אמת, ער האָט איר נישט צוגעזאָגט... זי איז אים דאָך נאָכגעלאָפן... (אויך איצט וואָלט זי עס גערן געטאָן). אמת, אַז פון אייגענעם ווילן איז זי געקומען צו אים אין זיין צימער... שוין וויפל טעג ווי זי לויערט אויף אים לעבן זיין וווינונג און לעבן זיין געשעפט, זי האָט אים שוין געזען גיין געאָרעמט מיט זיין כלה. אַוודאי איז זי, דעליאַ, שענער פון יענער... זי ווייסט עס... זי וועט זיך אָפּזוכן אַנדערע בעלנים, זי דאַרף אַפילו נישט זוכן..." — זי האָט מיט די הענט פאַרשטעלט דעם פנים ער זאָל נישט זען אירע טרערן, אָבער ער איז שוין דערביי נישט געווען.

*

דעליאַן האָט זיך געדאַכט, אַז פון אַ ליכטיקן הימל איז זי אַראָפּגעפאַלן אין אַ פינצטערן קעלער. די וואָר איז גאָר געווען אַ חלום, און דער חלום איז פאַרשוווּנדן, ווי אַלע חלומות. פאַרבליבן איז נאָר די בענקשאַפט און דער וויטיק.

„זי וועט זיך אָפּזוכן אַן אַנדערן... אויס מיט די שיינע חלומות. זי וועט געפינען אַ רייכן... גענוג צו אַרבעטן מיט שמאַטעס, שלעפּן פּעק הין און צוריק, זי איז יונג און שיין און דאַרף שוין נישט אָפּהיטן איר צניעות... זי וועט אים נאָך באַווייזן...", אָבער יעדער מאָל, בעתן שפּאַצירן אין גאַס, ווען אַ „בעלן" איז צו צו איר, איז זי געלאָפן פון אים ווי פון אַ בייזער חיה.

די קראַנקע מאַמע ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער איינגעשרומפּן. כאָטש זי באַמיט זיך, נישט צו באַלעסטיקן איר טאָכטער — זי זעט אויף דער טאָכטערס פּנים, וואָס פאַר אַ יסורים זי מאַכט דורך — טוט דעליאַ אַלץ, כדי אַרויסצוהעלפן דער מאַמען מיט וואָס נאָר זי קען. „כ׳האָב דיך באַוועלט, אָרעמע מאַמע, כ׳בין נישט געווען קיין גוטע צו דיר, אָבער איצט האָב איך שוין מער צייט פאַר דיר" — האָט דעליאַ געטראַכט מיט פאַר־ביטערונג. נעכטן, גייענדיק אין פאַבריק אַריין נעמען סחורה האָט זי געקויפט צוויי האָרקעמעלעך און ווען זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים האָט זי דער מאַמען פאַרקעמט די האָר, זיי צונויפגענומען אַרום קאָפּ און פאַר־פעסטיקט פון בײדע זייטן מיט די קעמעלעך, זיי זאָלן נישט זיין אַזוי צעשויבערט. זיצט זי איצט לעבן דער מאַמען און האָט הנאה — די קע־מעלעך, פון פּשוטן פּלאַסטיק, אָבער מיט אַ רויטן גלאַנץ, גיבן צו חן דער מאַמעס בלאַסן, צעאַקערטן פּנים, מיט די קוים אָנזעעוודיקע שפּורן פון אַמאָליקער שיינקייט.

...אין אַ טאָג אַרום, ווען דעליאַ איז צוריקגעקומען אַהיים און שטיין געבליבן אָן לשון, אָן אומזיניקע, לעבן דער מאַמעס אומבאַוועגלעכן גוף, איז דער רויטער גלאַנץ אַרום דעם געל־וואַקסענעם פּנים געווען דאָס איינציקע וועזנטלעכע אין דעם צימער, וואָס האָט זי צוריקגעבראַכט צום באַוווסטזיין.

*

דעליאַ איז געבליבן אַליין. נישט געווען מער דער מאַמעס וואַרעמע אויגן וואָס זאָלן זי באַשיצן קעגן די קרומע, שטעכיקע בליקן פון די שכנים, וואָס בויערן זיך איין אין איר רונד־געוואָרענעם קערפּער. איין מאָל האָט זי, אַ צערייצטע, מיט געביילטע פויסטן, זיך געוואָרפן אויף

אַ שכנה, כאָטש יענע האָט איר אַפילו קיין וואָרט נישט געזאָגט...

*

דער גרויער באַגינען רייסט זיך אַריין דורך די שפּיטאָל־פענצטער, און די שיין פון דעם גרינעם נאַכטלעמפּל ווערט אַלץ שוואַכער און בלאַסער, און מיטן זיג פון טאָג קומען אָן מיט אַ געפּילדער און געקלימפּער פון עמערס און בערשט די שוואַנגערע מיידלעך, וועלכע האַלטן זיך אויף אין שפּיטאָל ביזן געבורט פון זייער קינד.

— פּעפּערקעס, אויפשטיין און איבערלייגן דאָס בעטגעוואַנט! — האָט דעליאַ גוטמוטיק באַפוילן און אָנגעהויבן אָפּרוקן די שטולן און טישלעך, דערנאָך פאַרזיכטיק איינגעבויגן די קני גלעטנדיק דעם פאַרריסענעם בויך, זיך אַראָפּגעלאָזט צום דיל און אָנגעהויבן וואַשן האַסטיק און מיט רעש.

די קראַנקע האָבן זיך לאַנגזאַם געוועקט, פויל געגענעצט און מיט האַלב־אָפענע אויגן זיך אומגעקוקט אויף די שכנותדיקע בעטן און אויף דעם געקרייציקטן ישו אויף דער וואַנט. דערנאָך איז אַריינגעקומען די הייליקע, די קראַנקן־שוועסטער, זיך באַגריסט מיט אַלע קראַנקע און איז צוגעגאַנגען צום בעט, וווּ ס'איז געלעגן די פרוי וואָס מען האָט געבראַכט אַהער אין מיטן דער נאַכט.

דעליאַ האָט מיט אַ מאָל אויפגעציטערט — זי האָט שוין ערגעץ געזען אָט די פרוי: „זיין כלה... זיין כלה איז דאָס" — האָט אַ בליץ געטאָן אין גערדאַנק די אַנטפּלעקונג.

— אַן אַבאָרט — האָט דעליאַ דערהערט ווי די קראַנקן־שוועסטער רעדט וועגן דער פרוי.

און ווידער האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין איר מוח — און ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע אין אַ פינצטערן לאַבירינט, וואָס דערזעט פּלוצלינג פון דער ווייטנס אַן אַרויסגאַנג, האָט זי זיך געלאָזט לויפן צו דער טיר לענג־אויס דעם לאַנגן קאָרידאָר. די גיכע באַוועגונגען פון קערפּער האָבן אַרויסגערופן ביי איר קראַמפּן אין בויך. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, צאַרט אַ גלעט געטאָן דאָס בויך, געפּרוווט זיך עפּעס דערמאָנען, און זיך צעוויינט...

# מ ע נ ק ע

1

דעם נאָמען „מענקע״ האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין עלטערער שוועסטער, וואָס האָט נישט געקאָנט אַרויסזאָגן „מענדעלע״. ווען מען גיט אים אויס־קלייבן ווו געבוירין צו ווערן, וואָלט ער געוויס אויסגעמיטן זיינע עלטערן, זיין שטוב מיטן צעהאַקטן דיל און מיט די אָפּגעשיילטע ווענט, און דעם כסדרדיקן געפּילדער פון זיינע זעקס שוועסטער...

אַ בן־יחיד צווישן זעקס מיידלעך, האָט ער געוועלטיקט איבער זיי מיטן כוח פון זיינע פויסטן. זיי האָבן פאַר אים מורא געהאַט, אים פיינט געהאַט, אָבער אָפּגעהיטן אים, ווי אַן אויג אין קאָפּ. זיין געוועלטיקן האָט בדרך־כלל געדויערט ביז דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פון מאַרק. געווען די מיידלעך זאָלן זיך באַקלאָגן: „טאַטע, דער תכשיט!״, אַז דער טאַטע זאָל אָנשטעלן אויף אים זיינע בייזע בליקן, אַז דער תכשיט זאָל באַהאַלטן זיינע פויסטן און צוריקציִען זיך הינטערוויילעכץ.

פון אונטער די געדיכטע, צונויפגעוואַקסענע ברעמען, קוקן אַרויס דעם טאַטנס אויגן תמיד מידע און בייזע, און אַז ס׳איז אַפילו נישטאָ קיין סיבה צו בייזערן זיך, קוקט ער אַלץ איינס אין זיין ווייבס זייט מיט שטומע טענות. — זי זיצט און שיילט קאַרטאָפל אין אַן עמער אַריין, דאָס געלע לאַנגע פּנים פאַרצערט, דאָס מויל פאַרפּרעסט און פון אונטערן קאָפּטיכל קריכן אַרויס אירע צעקנאָדערטע האָר.

די טעכטער ווינקען צו דער מאַמען, אָנווייזנדיק שווייגעוודיק־פאַרביסן אויפן טאַטנס פאַרבלאָטיקטע שטיוול. זי פאַרריכט די פאַטשיילע אויפן קאָפּ און זיפצט:

— זיי שייערן, רוימען, און ער בלאָטיקט.

— נאָר זי קרעכצט — בלייבט ער איר נישט שולדיק — אַ שטוב מיט מיידן, זאָלן זיי שייערן!

מענקען אַרט נישט די שטוב. אַבי דער מאָגן איז ביי אים פול, לויפט ער אין דרויסן, זען ווי די יינגלעך שפילן אין באַלעם. ער שטערט זיי, קריכט זיי אונטער די פיס, וויל אויסכאַפּן דעם באַלעם, און אַז די יינגלעך יאָגן אים אַוועק, געפינט ער אַן אַנדער אַרבעט. ער גייט אַריין אין שטעלכל צו דער ציג און קאָפּעט זי מיט די פיס. די ציג קוקט אויף אים מיט אירע ציגענע אויגן, פאַרמעסט זיך מיט די הערנער אויף אים. כאַפּט ער זי אָן ביי די הערנער, קלעמט זיי איין פעסט אין זיינע הענט און קאָפּעט זי נאָך שטאַרקער אין בויך אַריין. דערנאָך לאָזט ער זי אָפּ און שפּרינגט ראַפּטעם אַוועק אין אַ זייט.

ער גייט אין חדר, אָבער דאָס לערנען קריכט אים נישט אין קאָפּ, און דער רבי זשאַלעוועט אים נישט קיין קלעפּ. פאַר די קלעפּ וואָס ער כאַפּט פון רבין, רעכנט ער זיך אָפּ מיט די ווילדלערנערס — פאַראַן אַזעלכע — ער מאַכט זיי מיט דער בלאָטע צו גלייך און לאָזט אויך אין גאַנג זיינע פויסטן.

ווינטער, אין די שנייען און פרעסט, זיצט מענקע אין שטוב. ער האָט ליב צו שטיין ביים פענצטער, אָפּקראַצן דעם אייז פון די שויבן און קלאַפּן מיט די פינגער אין שויב אַריין צו די פאַרבייגייערס.

דער טאַטע גייט אַרום אין שטוב ווי אַ פרעמדער און די מאַמע קרעכצט:

— רבקה האָט שוין ווידער היץ — זי טאַפּט דעם שטערן ביים צווייי־יעריקן מיידעלע, און דער טאַטע, ווי תמיד, ענטפערט מיט אַ ברוגז:

— אַ שטוב מיט מיידן... צו קרעכצן און צו מיידלען, נאָר צו דעם טויג זי...

— זיין בלוט און פלייש — און ער נאָר „מיידן", מער הערט מען נישט פון אים... — און זי צעווייינט זיך אויף איר ביטערן גורל...

מענקע הערט אויף קלאַפּן אין די שויבן. עס קאָכט אין אים אַ כעס אויפן טאַטן און ער פילט אַ רחמנות צו דער מאַמען. ס'ווערט אים מיט אַ מאָל אומעטיק און פוסט אַרום, ווי ער וואָלט געווען איינער אַליין אויף דער גאַנצער וועלט, און ער צערעוועט זיך פון ייִאוש, ווי אַ ווילדע חיה.

— זע נאָר וואָס דאָ טוט זיך — האָט דער טאַטע געברומט — זיך צעוויעט ביידע ווי די הינט אויף דער לבנה! אַרויס! — און ער האָט מענקען אַרויסגעשליידערט אין דרויסן.

אַזוי גייען די טעג אין מענקעס שטוב, איינער ענלעך אויף די אַנדערע. אומעטיק און פוסט. בלויז ווען דער גויִישער שכן שיכורט זיך אָן און שלאָגט זיין ווייב, אָדער דראָט אויסצוהרגענען אַלע זשידעס — אָט דאַן ווערט פריילעך און מענקע איז אַ שותף צו דער שימחה... אָדער אין מיטן דער נאַכט צעשרייט זיך עמעצער מיט אַ „גוואַלד, די שייערן מיט די תבואות ברענען!״ — און איידער די מענער באַוויזן אַרויסצושפּרינגען פון די בעטן, איז שוין מענקע ביים ברענענדיקן שייער און איז זיך מחיה, קוקנדיק אויף די טאַנצנדיקע פונקען...

מענקעס שוועסטער ציִען נישט אויף זיך קיין יִינגלשע בליקן... אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן זיצן זיי אין דרויסן אויפן שוועל פון זייער הויז מיט פאַרלייגטע הענט און בענקענדיקע אויגן און וואַרטן אויף עפּעס... אפשר אַ נייעס, וואָס וועט זיך דערטראָגן אַהער פון אַ שכנס הויף... דערנאָך, אַז עס ווערט שוין שפּעטלעך, הייבט מען זיך אויף מיט אַ געגעץ און מען גייט צוריק אין שטוב אַריין.

מענקע איז געוואַקסן ווי ס׳האָט זיך געלאָזט. לעבן דאַרף מען, און שטאַרקע פויסטן האָט ער — האָט אים קיין שום סכנה נישט געקימערט. און ער וואָלט צופרידן געווען מיט זיין גורל, ווען נישט די שינאה...

פון יענער זייט פאַרקאַן האָט זיך רחבותדיק צעשפּרייט אַ גרינער הויף און אַ גביריש הויז אין מיטן. דורך די שפּאַלטן פון די פאַרקאַן־ברעטער זעט מענקע דעם גבירס בנים, ווי זיי גייען דאָרט אַרום חוצפּהדיק און שטאָלץ, און דאָס שטעטל קאַרגט זיי נישט קיין כבוד.

מענקען פאַרדריסט, וואָס דער טאַטע וואַרפט אים אויף, אַז ער איז אַ גאַרנישט אַנטקעגן די בנים פון שכנותדיקן הויף.

— זיי זענען שוין אויפגעשטאַנען, און דו שוואַליעסט נאָך אין בעט... זיי זענען שוין סוחרים געווען אין דיין עלטער...

— זאָלן זיי שוואַליען און קרענקען, אַ כאָליערע אויף זיי!

— קום מיט מיר אויפן מאַרק, ביסט שוין אַ גרויסער יונג.

— נעם דיר אַרויס אַלע מיידן!

— מיידן, שמיידן... שטיי אויף, זאָגט מען דיר! וועסט מיר העלפן! — שרייט שוין דער טאַטע מיט בייזן כעס.

און אַז דער טאַטע הייבט אָן שרייען און בייזערן זיך, ענטפערט אים מענקע אין דער דריטער פּערזאָן:

— זאָל ער זיך אַליין העלפן!

— דו, זולל־וסובאניק, צו וועמען רעדסטו אַזוי?

— ער רעדט, זאָל ער רעדן! — בלייבט מענקע נישט שולדיק דעם טאַטן.

— שטיי אויף, זאָגט מען דיר!

— ער זאָגט, ווער עס זאָגט...

— זעטס נאָר מיין תכשיט! מיין מזל... נישט ווי ביי זיי, ביי די בנים... אַרויס פון בעט!

— קוקט אים אָן ווי ער ליאַרעמט!

— אוי, אַ בראָך צו דיר!

— אַ בראָך צו אים! — חזרט איבער מענקע דעם טאַטנס רייד.

— געוואַלד!

— וואָס וויל ער פון „אים", אים העלפן? זאָל ער שרייען צו דער וואַנט! — מענקע האָט זיך איבערגעדעקט מיט דער דעקע אַריבערן קאָפּ.

דער פּאָטער איז געבליבן שטיין אַן אומבאַהאָלפענער, מיט אַראָפּ־געלאָזטע הענט.

— ווי ער רעדט צו מיר, מיין „בן", מיין איינציקער „זונטיק". יענע, די בנים, וואָלטן אַזוי גערעדט מיט זייער טאַטן?

מיט רציחה האָט ער זיך געוואָרפן אויף מענקען און קלעפּ זענען געפאַלן, ווו נאָר זיי האָבן געטראָפן, ביז ס'איז געוואָרן אַ בהלה ביים גאַנצן הויזגעזינד.

און אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז מענקע שלאָגט זיין טאַטן.

2

די יאָרן שטייען נישט אויף אַן אָרט... און דאָס שטעטל האָט זיך נישט אַרומגעזען, ווי מענקע האָט זיך מיט אַ מאָל אַ הייב געטאָן, און אָט איז ער שוין אַ הויכער שיינער בחור, מיט אַ פּאָר שיינע שוואַרצע אויגן און חוצפּהדיקע פֿייערלעך אין זיי...

יענעם פֿרילינג, ווען ער איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר, האָט ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערפֿילט, אַז צווישן אים און די שטעטלשע בחורים שטייט אַ וואַנט... אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער שלאָגט דעם טאַטן און מען האָט געווייכט פֿון אים. קיינעם האָט נישט געאַרט צו דערגיין, צי ס׳איז אמת אָדער אפֿשר סתם רכילות, אָבער מענקע האָט נישט גע־קענט מער, און נישט געוואָלט מער זיין אָפּגעטיילט פֿון אַלעמען. אמת, ער האָט זיי פֿיינט די שטעטלשע יחסנים, אָבער ער דאַרף מען זאָל אים באַמערקן... האָט ער זיך צוגעשאַרט צו די שניידער־יונגען, צוגעלייגט אַן אויער — זיי רעדן וועגן „זאַכן" אין דער שטיל, ווען קיין מיידלעך זענען נישטאָ דערביי, „זאַכן" וועגן וועלכע מען רעדט בסוד. ער פּרוּווט מיטלאַכן מיט זיי, מיטשמועסן, זיי נעמען אים אָבער נישט אַריין אין שותּפֿות... קוקן גלייכגילטיק אויף זיין כּי־כּיקען. האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף זיך מיט עפּעס באַווייזן. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיינע „שונאים", דעם שכנס בנים און זייער שוועסטער:

— די גבירישע טאָכטער, די „צנועה"... כ׳האָב אַליין געזען דורכן פֿאַרקאָן...

— אַזוי גאָר? די יינגלעך האָבן אָנגעשטעלט זייערע אויערן מיט נייגער.

— ריסטאָקראַטיע, אינדיקעס — האָט מענקע צוגעגעבן מיט ביטול.

יעדער מאָל ברענגט מענקע אַ נייע געשיכטע וועגן דער גבירישער טאָכטער און אירע ברידער, און די חברה האָבן הנאה. מענקע גייט שוין מיט זיי שפּאַצירן ווי אַ גלייכער מיט גלייכע, און דאָך איז נאָך אַלץ פֿאַראַן

אַ מחיצה צווישן זיי — די יונגען רעדן וועגן ביכער, ליטעראַטור, און נאָך אַזעלכע זאַכן, ביי וועלכע ער קען זיך נישט באַווייזן.

מענקע האָט אָנגעהויבן נאָכטאָן זיינע חברים, שפּאַצירן מיט אַ בוך אונטערן אָרעם, און ביססלעכווייז אויך אַריינקוקן אין אים. געבלעטערט אין אָנהייב אַ ביסל, ביים סוף אַ ביסל, אונטערגעכאַפּט ווערטער פון אַנדערע, אָפּט זיך באַנוצט מיט זיי נישט דאָרט ווו מען האָט באַדאַרפט, אָדער פאַרפּלאָנטערט דעם באַטייט, און תמיד מיט אַ שעלמישן שמייכל אין די אויגן, אַזוי אַז זיין מיטשמועסער האָט נישט אַלע מאָל געוווּסט, צי ער מיינט עס ערנסט, צי אין שפּאַס. בעת אַ וויכוח האָט ער שוין נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אַריינצושטעלן אויך זיינס אַ מיינונג, ווי למשל:

— אַזוי האָבן זיי געזאָגט? אַוודאי, מען דאַרף גלייבן...

אָדער:

— געלייענט, געלייענט, אָבער איז עס אַזוי?...

און חברה האָבן אים באַוווּנדערט: „קוקט אים אָן, אַ גאַנצער מיניס־טער!" און אַן אַנדערש מאָל אָפּילו מקנא געווען: „וואָס זאָגט איר צו אים? ער ווייסט וואָס ער רעדט!"

אַזוי האָט זיך מענקע דערשלאָגן, מען זאָל אים באַמערקן...

3

היינט איז מענקע אויסגעפּוצט, ווי ערשט פון דער נאָדל אַרויס. ער דערנענטערט זיך צום פּאַרקאַן. ער וועט היינט רעדן מיט איר. זיינע חלומות וועגן איר פאַרשיכורן אים, נעמען אים אַוועק פון דערווירקלעכקייט. אָט זעט ער זיך גאָר ווי ער שפּאַצירט מיט איר געאָרעמט און אַלע בייגן נידעריק די קעפּ פאַר זיי, און ער שפּאַנט מיט שטאָלץ און ווערדע. די מאַמע איז פון גרויס נחת געזונט געוואָרן, און דעם טאַטנס בייזע אויגן זענען מילד געוואָרן. ער וועט העלפן דעם טאַטן, ער וועט געבן צו שטייער אויף נדן פאַר די שוועסטער. דער טאַטע וועט זיך גרויסן מיט זיין זון,

דעם גבירס איידעם...

אָט שטייט זי צווישן די בלומענבייטן אין אַ קורץ געפּאַלדעוועט קליידל און זי גלעט אים מיט אירע סאַמעטענע אויגן... זי רויטלט זיך, ווען ער שטרעקט אויס זיין האַנט צו איר...

— וואָס זוכסטו דאָ? — איר פאָטער, דער גביר, מעסט אים אָפּ מיט ביטול און מענקע בלייבט שטיין ווי אַ געליימטער.

— וואָס קריכסטו אַהער? וואָס שטייסטו דאָ? האָסט שוין היינט דערלאַנגט דעם טאַטן, האַ?

— צו שטיין פּאַסט איך נישט מיט מיר, ליגן וואָלט איך יאָ גע־פּאַסט? — מיט די הענט אין די קעשענעס, צונויפגעקוועטשט אין פויסטן, שטייט מענקע קעגן דעם גביר און קוקט אים אין פּנים אַריין מיט חוצפּה און שינאה.

איין מאָל האָט ער געלויערט אויף איר פאָטער, פון אַ באַהעלטעניש, מיט אַ שטיין אין האַנט. פּלוצעם איז אָנגעקומען אַ שייגעץ, אַ כוליגאַן, מיט אַ בינטל זעק פון מעל. דערזעענדיק דעם פאַרבייגייענדיקן גביר איינעם אַליין, איז ער אים באַפאַלן און געשמיסן מיט די מעלזעק איבערן קאָפּ און אין פּנים אַריין.

מענקע האָט אַרויסגעלאָזט דעם שטיין פון האַנט, זיין נקמה־דאָרשט איז געשטילט געוואָרן. ער האָט זיך אַפילו צעשמייכלט דערזעענדיק דעם גביר אין „ווייסע" בגדים, מיט ווייסע ברעמען און אַ ווייסער באָרד... „שיין זעסטו אויס, יחסן גרויסער, וועסט מיך שוין טרייבן פון דיין טאָכטער..." — און כאָטש זיין גרעסטער שונא איז געוואָרן דער גביר, האָט זיך מיט אַ מאָל אין אים צעקאָכט אַ צאָרן אויפן שייגעץ, וואָס האָט געשלאָגן אַ ייִדן און חוזק געמאַכט פון אים.

— העי, מאַשקע, זעסט אַ שניימענטש אין מיטן זומער? ווילסט אויך אַזוי אויסזען? — האָט ער אויסגערופן, ווען מענקע איז אַרויס פון זיין באַהעלטעניש.

— פאַרמאַך דיין חזיריש מויל! — האָט אים מענקע אָפּגעענטפערט מיט אַ דראָענדיקן קול.

דער שייגעץ האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אים מיט די זעק, און מענקע, ווי ער וואָלט נאָר געוואַרט אויף דעם, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים, אים איינגעקלאַמערט אין זיינע צוויי אייזערנע הענט, עטוואָס אויפ־געהויבן און מיט אַ מוראדיקן זבענק אים אומגעשליידערט אויפן שטיי־נערנעם ברוק.

דער גביר האָט געגלאָצט מיט זיינע אויגן דאָ אויפן פאַרבלוטיקטן שייגעץ, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן אויפן ברוק, דאָ אויף מענקען, און נישט געגלייבט זיינע אייגענע אויגן.

מענקע האָט אָפּגעווישט די הענט מיט דעם אונטערשלאַק פון זיין יום־טובדיקן אָנצוג, זיך נישט אומגעקוקט, נישט אויפן גביר און נישט אויפן שייגעץ, און אַוועקגעשפאַנט ווי אַ זיגער. די ערשטע שלאַכט — האָט ער געוווּנען...

# מוטערשאַפט

זי איז אַריין אין „סאַלע" אין דער באַגלייטונג פון אַ קראַנקן־שוועסטער, מיט אומזיכערע טריט, דערשראָקן און בלאַס. אָן אַ שיעור בעטלעך און פנימער האָבן זיך געטאָפּלט אין אירע פאַרטרערטע אויגן. באַלד ווען מסתמא איינס פון די פרעמדע פנימער אַרויסשפּרינגען פון אַ בעט און חוזק מאַכן פון איר — האָט זי אַדורכגענומען אַ פחד און זי האָט אינ־סטינקטיוו איינגעצויגן אין זיך דעם אַרויסשטאַרצנדיקן בויך.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַ פאַרשטאַרטע, אויף דעם אָנגעוויזענעם בעט און האָט דערפילט, אַז עמעצער פון דעם דערבײַיִקן בעט קוקט אויף איר. איר פאַרטרערט אויג האָט זיך אָנגעשלאָגן אין אַ נומער — פיר און פערציק — דער נומער פון בעטל אויף וועלכן עס איז געזעסן אַ מגושמ־דיקער קערפּער, מיט די פיס אַראָפּ צום דיל. פון אַ ברייטן, פולן פנים האָבן אַרויסגעקוקט אויף איר צוויי מילדע אויגן:

„טשיקיטאַ" (קליינינקע), האָב נישט מורא, דאָ זענען אַלע גוטע, ווייַן נישט — און די שווער־לייביקע פרוי האָט מיט אַ צערטלעכן שמייכל באַטראַכט דאָס באַחנטע קינדערישע געזיכט.

די קליינע, דערמוטיקט פון די פריינדלעכע רייד, האָט זיך אויך צעשמייכלט, צעעפענענדיק ברייט איר גרויסע תמימותדיקע אויגן, פולע מיט טרערן, אין וועלכע ס׳האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אַלע פאַרבן פון אַ רעגן־בויגן. זי האָט אָנגעוויזן אויף אירע אָנגעדראָלענע פיס:

— צוליב דעם בין איך געקומען...

— אַזוי יונג און שוין אַזעלכע זאַכן... — האָט די דיקע פרוי מיט מיטלייד באַדויערט.

— פופצן יאָר — האָט די קליינע מודה געווען.

— אַזוי גאָר, פופצן יאָר ביסטו אַלט? — האָט די דיקע פרוי איבער־געפרעגט.

— יאָ, איך הייס לויִסאַ — האָט די קליינע ווידער געענטפערט, גרייט ממשיך צו זיין דעם געשפרעך.

— גוט, „טשיקיטאַ", פאַרריכט דיר דיין בעט און זיי רויִק. דאָ אין שפּיטאָל וועט דיר קיין עוולה נישט געשען. מען וועט דיך אויסהיילן.

— איך האָב אַ מאַן... איך האָב... אַ „מאַרינעראָ" איז ער, יאָ... איצט איז ער אויפן ים... מיט אַ שיף, ווייט... — די קליינע האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער האַסטיק, כמעט אויסשרייענדיק, האָט זיך פאַררויטלט, און פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— קום, „טשיקיטאַ", וועל איך דיר דיין באַנד אין די האָר פאַר־ריכטן, אַזאַ שיין שלייפעלע, אַזאַ בלויס, פּאַסט זייער צו דיינע געלאָקטע האָר און שוואַרצע אויגן. אַ נו, גיב אַ קוק אין שפּיגעלע! — די פרוי האָט איר אָנגעוויזן אויף אַ קליין שפּיגעלע אויפן וואַנט, צוקאָפּנס פון איר בעט.

די קליינע האָט זיך באַקוקט אין שפּיגעלע און בײדע האָבן זיך האַרציק צעלאַכט.

פון ערשטן טאָג אָן האָבן זי אַלע אין דער „סאַלע" ליב באַקומען און גערופן זי צערטלעך „טשיקיטאַ", בלויז די תמיד ווולגאַרע כואַנאַ, דערזעענדיק די קליינע האָט, אויף איר שטייגער, אַרויסגעהירזשעט מיט אַ געלעכטער:

— זע נאָר דאָס פּופּעלע, עס האָט זיך עמעצן פאַרגלוסט אַ שפּיל טאָן מיט אַ שיין ליאַלקעלע, וועט די ליאַלקע דערפון האָבן אַ ליאַלקע! — כאַ, כאַ, כאַ...

— ווי גראָב דו ביסט, כואַנאַ, וואָס טשעפּעסטו ס'קינד? — האָבן כמעט אַלע, אין איין קול, זי געמוסרט.

דערנאָך האָט די דיקע, דער „גומער פיר און פערציק", איר שטיל איינגערוימט:

— מאַך נישט קיין וועזן פון איר. זי איז אַ צעדרייטע און אַ פרעכע, זי טשעפּעט זיך דאָ צו אַלע מענער, פון דאָקטוירים ביז צו די באַדינערס.

„טשיקיטאַ" האָט זיך באַרויִקט, בייגעקומען די שרעק און געוואָרן

אַ גלייכבאַרעכטיקטע איינוווינערין פון דער „סאַלע״, מיט אַ נומער פון אַ בעטל. זי האָט ליב באַקומען די דיקע, שווערלייביקע פרוי, וועלכע האָט זיך צו איר באַצויגן מיט מאַמעשער האַרציקייט אָבער מער פון אַלץ האָט זי געצויגן אין דער מוטערשאַפט־„סאַלע״, ווו מען האָט געבאָדן די קינדער און איז געווען גליקלעך ווען מען האָט איר דערלויבט צו העלפן. זי האָט גערעדט מיט צערטלעכקייט צו די ניי־געבוירענע.

— פיר קינדערלעך זענען היינט געבוירן געוואָרן, איך האָב זיי גע־האָלפן באָדן, איי ווי זיס די קליינע אוצרלעך זענען, זיי האָבן באַלד זיך ליב צו באָדן. טייל זענען אַזעלכע פרעסערלעך — פּאַקן זיך אַריין אַ הענטל אין מיילעכל און טשמאָקען. שיין צו קוקן, אַזעלכע מלאכימלעך! — האָט זי דערציילט פאַר דער דיקער שכנה אירער.

— זיי זענען טאַקע מלאכימלעך! — האָט איינגעשטימט מיט איר די דיקע.

— איך האָב זיך אַראָפּגעגליטשט פון דריי טרעפּלעך, עס וועט נישט שאַטן מיין קליינינקן? — האָט „טשיקיטאַ״ געפרעגט.

— אַז דו פילסט זיך גוט, וועט אים נישט שאַטן.

— איך טראָג אויפן האַלדז די הייליקע בתולה פון לוכאַן, מ׳זאָגט אַז זי באַשיצט מוטער און קינד — האָט זי אָנגעוויזן אויפן מעדאַליאָניקל און די דיקע האָט מוטערלעך באַשטעטיקט:

— זי וועט דיך באַשיצן, קינד.

*

היינט איז „טשיקיטאַ״ נערוועז, היינט דאַרף איר מומע קומען. תמיד ווען די מומע קומט ווערט זי אומרויִק, ווי דעמאָלט, ווען די מומע איז געווויר געוואָרן וועגן איר צושטאַנד און זי גענומען צו אַ דאָקטאָר. זי האָט דעמאָלט געהאַט חשק איבערלאָזן די מומע אין גאַס און אַנטלויפן, און אין דמיון האָט זי זיך שוין געזען אַן אַנטלויפנדיקע, מיט אַ קינד צוגעדריקט צום האַרצן. און ווען זי האָט דערהערט דעם „צו שפּעט״ פון דאָקטאָר, איז איר ווי אַ שטיין אַראָפּ פון האַרצן — די מורא איז פאַר־

שוווּנדן, און טרערן פון פרייד, אָבער אויך פון בושה, האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן.

היינט איז די מומע צום ערשטן מאָל ביי איר אין שפּיטאָל. זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף לוּיִסאַס בעט און די מומע האָט טרויעריק און צערטלעך געפרעגט וואָס זי מאַכט.

— גוט, מומע, גוט — האָט לוּיִסאַ מיט זיכערקייט דערציילט דער מומען — אַלע זענען דאָ גוט צו מיר. לאַנג וועט שוין דאָס נישט דויערן...

די מומע האָט געהאַט חשק זי אויסצופּאַטשן און אויסזידלען — וואָס פאַר אַ צרה זי האָט געבראַכט אויף זיך — זי וועט עס אָבער נישט טאָן, זי פאַרשטייט אַז אין אַלץ זענען די גרויסע שולדיק. געדאַרפט די קינדער אויפקלערן. מען שעמט זיך מיט זיי צו רעדן. און ווען ס׳איז שוין צו שפּעט, ליאַרעמט מען. צוויי קינדער, ער אַכצן, זי — פופצן.

זי איז געוועזן ביי זייַן פאָטער.

„אַ קינד איז ער נאָך, ער דאַרף ענדיקן שטודירן, זי איז שולדיק! אַ מיידל דאַרף וויסן ווי צו האַלטן זיך" — אַזוי האָט ער איר געענטפערט.

די מומע האָט עס לוּיִסאַן נישט דערציילט. אַנשטאָט דעם האָט די מומע געפּרוּווט זי איבערצייגן, אַז איר טאַטנס האַרץ וועט ווייכער ווערן און אויך די שטיפמאַמע וועט בעסער ווערן, און זי וועט קענען צוריק־קומען פון שפּיטאָל אַהיים.

— איך וויל נישט „נאָך דעם" גיין אַהיים, איך וויל נישט זייַן מיט איר! — האָט לוּיִסאַ זיך געבעטן ביי דער מומען.

— יאָ, איך האָב פאַרגעסן... איך וועל דיר העלפן עס אַוועקגעבן... — האָט די מומע געמיינט לייכטער מאַכן לוּיִסאַס געמיט.

— ניין, מומע, דאָס נישט! עס האָט זיך מיר געחלומט אַז כ׳בין מיט אים אַנטלאָפן, פאַרפאָלגט, ווי אין דעם ביכל וועגן „דאָס הייזל פון אַנקל טאָם" — טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער אירע באַקן.

— נאַרעלע, עס וועט אַלץ גוט זיין. איך בין דאָך דיין מאַמעס שוועס־טער! דו וועסט נישט זיין אויף דער גאַס. אמת, מיט פיר קינדער אין

אין צימער. אָבער נישט געדאַגהט, מיר וועלן אַלץ דערליידיקן. — פאַרן אַוועקגיין האָט זי איבערגעלאָזט פאַר לויסאַן אַ פּעקל מיט עסן.

*

אויך ביי דער דיקער איז היינט געווען אַ גאַסט. כאָטש זי האָט זיך געפילט היינט שלעכט, איז זי דאָך אַרויס אין גאָרטן, דאָרט אָפּוואַרטן דעם זון. די דערוואַקסענע זין שעמען זיך צו קומען צו דער מעוברתער מוטער אין דער „סאַלע" אַריין.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, אונטערהאַלטנדיק דעם שווערן בויך מיטביידע הענט דורך די קעשענעס פון שלאַפראָק, און געשמייכלט צום אָנקומענדיקן זון, באַטראַכטנדיק מיט שטאָלץ זיין שיינע, ברייט־פּלייציקע געשטאַלט.

— וואָס מאַכסטו, מאַמע ? — האָט דער זון דער ערשטער זיך באַגריסט.

— באַלד, אין גיכן, זונעניו, וועלן מיר שוין זיין צוזאַמען.

— גוט, מאַמע, מיר גרייטן אַלץ צו, שוין געקויפט אַ וועגעלע.

— נו, און דער טאַטע ?

— ווייסט דאָך, גייט אַרום און בורטשעט. מסתמא בענקט ער נאָך דיר...

— אַזאַ אויסוווּרף ! קומט נישט אַהער, ווי כ'וואָלט נישט געווען זיין געזעצלעך ווייב. אַזאַ פאַרשעמונג. אָבער זאָל איך נאָר איבערקומען, כ'זאָל נאָר דערלעבן מיין קליינינקן אָנקוקן... מיך אַרט שוין נישט די בזיונות צוליב מיין עלטער, וואָס כ'האָב אין אַזאַ עלטער... און אַלע ווייסן אַז כ'לעב נישט בשלום מיט אים, אַז מיר רעדן נישט כמעט צווישן זיך... אַ מיידעלע וועט עס זיין, אַ שטיפערקע מיט לעקעלעך. דו האָסט אויך קליינערהייט געהאַט לעקעלעך. אַ מיידעלע אַ זיסינקע וועט עס זיין... — זי האָט מיט אַ מאָל אָפּגעהאַקט, זיך פאַרשעמט וואָס זי רעדט צום דערוואַקסענעם זון אַזעלכע רייד...

— מאַמע, איך און כוליאַ וועלן זיין די קוואַטערס.

— זיכער, דו מיט דיין כלה! מאָרגן קענסטו שוין ברענגען דאָס פעקל פאַר דער קליינער.

*

צו מאָרגנס אין דער פרי איז זי געלעגן אין דער מוטערשאַפט־„סאַלע" און טרערן זענען געפלאָסן פון אירע אויגן — זי האָט באַוויינט איר טויט־געבוירן קינד. „מלאכל מיינס, אוצרל מיינס — האָט זי געשעפּטשעט שטיל, — נישט דערלעבט דיך אָנצוקוקן, אַזוי פיל וועגן דיר געחלומט, נשמהלע מיינע".

„טשיקיטאַ" איז געזעסן לעבן איר בעט, זי געטרייסט, אוןביידע האָבן זיך געווישט די אויגן.

אין שכנותדיקן בעט האָט זיך צעשריִען אַ ניי־געבוירן קינד. ביידע, די דיקע און „טשיקיטאַ", האָבן מיט אַ מאָל אויפגעהערט כליפּען און געוואָנדן זייערע אויפגעשיינטע, פאַרטערטע אויגן צום בעט ווו דאָס עופעלע האָט מיט אַזאַ ליאַרעם צו וויסן געטאָן דער וועלט וועגן זיין אָנקום... און ביידע, סיי „טשיקיטאַ", סיי די דיקע, האָבן חשק געהאַט צו בעטן ביי דער גליקלעכער מוטער זי זאָל זיי דערלויבן צודריקן דאָס קינד צום האַרצן.

# אין מיטן וועג

נאָך זייער באַזעצן זיך אין דער שכונה האָבן די שכנים אָנגעהויבן קוקן אויף זיי מיט חידוש, הלמאי אַזאַ גרויסע ענלעכקייט צווישן פּאָרפאָלק, ווי זיי וואָלטן געווען לייבלעכע שוועסטער און ברודער, און צוזאַמען מיט זייערע צוויי עלטערע טעכטער האָבן זיי אױסגעזען ווי אַ געבוירענער פּירלינג; אַלע פּיר הויכע, דאַרע, מיט לאַנגע און שמאָלע פּנימער, אויגן ווי שמאָלע שפּאַלטן, נידעריקע, געקנייטשטע שטערנס, לענגלעכע, שפּי־ציקע נעז, ברייטע מיילער מיט גראָבע ליפּן.

צופּעליק האָבן די שכנים זיך דערוווּסט פון וואַנען די ענלעכקייט צווישן מאַן און ווייב. עס איז צו דער משפּחה געקומען אַ לאַנדסמאַן, זיי נישט געטראָפן אין שטוב — איז ער אַן אַנטוישטער געגאַנגען טרינקען אַ לימאָנאַדע אין נאָענטן שפּייזגעוועלב. דער לאַנדסמאַן, לייכט אויף דער צונג, האָט געהאַט חשק צו שמועסן. האָט ער דערציילט אַז זיין לאַנדסמאַן זעליק איז אַ לייבלעך שוועסטערקינד צו זיין ווייב, און זיי זענען צווישן זיך שוועסטערקינדער שוין פון דריטן דור. „מילא, עס טרעפט" — האָט ער צוגעגעבן — „און קיין ישראל זענען זיי געקומען צוליב: משנה־מקום, משנה־מזל. אין ישראל, האָפן זיי, וועט לייכטער זיין חתונה צו מאַכן די באַיאָרטע טעכטער. די יינגסטע ווידער... געזען אַ שיינקייט! מ'האָט זי צוגענומען פון אַ גוי. עס האָט שוין געהאַלטן ווייט צווישן זיי... זעליק איז דאָ גליקלעך. ער האָט זי אַרויסגעראַטעוועט פון... בעסער נישט רעדן... איך האָב פיינט צו רעדן..."

זעליק איז געווינט אַז פרעמדע מענטשן קוקן מיט נייגער אויף זיין משפּחה. פאַראַן קעפּ אָן זאָרג. זינט ער איז דאָ אין לאַנד, אַרט עס אים שוין קנאַפּ, אַלץ נעמט ער דאָ אָן באַהבה. דאָ אין ישראל איז אַלץ גוט און וויל. ער באַקלאָגט זיך נישט, ווי מאַנכע עולים־חדשים. ער אַרבעט אין אַ וועשעריי. די עלטערע טעכטער אַרבעטן ביי טריקאָטאַזש, די יינגסטע טאָכטער מרים

איז אַ פאַרקויפעריין אין אַ מעדנים־געשעפט.

ווען ער הערט פון אַנדערע טענות צום לאַנד, צו דער סוכנות, פאַרדריסט עס אים. ער לאָזט נישט פאַלן קיין שטויבעלע אויפן לאַנד, אַן אויפגעהייטערטער ענטפערט ער:

— געלויבט צו גאָט, מיר זענען דאָ אין אונדזער לאַנד. אייערע טענות, שמיינעס, גייט צוריק צו די גויים. מיר זענען געקומען דאָ צו אַ ברעג, זאָל נאָר זיין שלום, אוי שלום אין לאַנד, וועט זיין גוט, גאָר, גאָר גוט. מיט פרנסה — נישט צו פאַרזינדיקן.

יעדן טאָג, ווען די ליכט פון פרימאָרגן הייבט זיך אָן דורכזיפּן דורך די פאַרמאַכטע לאָדנס מיט שמאָלע זון־סטענגעס — הייבט זיך אויף פון בעט, דער ערשטער, זעליק, מיט אַ הוסטן. דערנאָך דאָס בני־בית מיט אַ גענעצן און אויסרענגלען זיך. די מאַמע זעצט זיך אויפן בעט מיט אַ זיפץ, סתם, פון געוווינטשאַפט, דערנאָך, נישט־ניחהדיק, אַ מידע פון נעכטיקן טאָג — גייט זי פּאַמעלעך אַראָפּ פון בעט צוגרייטן דאָס פרישטיק־עסן.

די צוויי עלטערע שוועסטער, שרה און אסתר רעדן צווישן זיך הויך, וועקן די יִינגערע שוועסטער, גרייטע צו פאַרפירן מיט איר אַ קריגעריי. מרים דרייט זיך איבער אין בעט אויף דער צווייטער זייט, דעקט זיך גוט איין, ווייטער צו שלאָפן מיט חשק. די שוועסטער וואַרפן איר אַ קישעלע אין בעט אַריין.

— די פּרינצעסין דאַרף נאָך אַ ווייך קישעלע — רייצט זיך מיט איר שרה.

— פּרינצעסין, ביי אונדזער אַרבעט וואָלט זי מער פאַרדינט, עס שטייט איר נישט אָן אונדזער אַרבעט... — גיט צו מיט איראָניע די צווייטע, אסתר.

„פּרינצעסין" — דאָס האָט מרימען נישט געאַרט, אַפילו געפעלן. זי ווייסט אַז זי האָט אַ גאַנג ווי אַ פּרינצעסין, און איר אויסזען איז אויך אַזאַ. די שוועסטער זענען איר מקנא.

ווי אַ קערנדל, ווי אַ זרעלע פאַרטראָגן דורכן ווינט, איז זי דאָ צווישן איר משפחה — מען האָט עס איר געזאָגט — און אַזוי פילט זי.

זי האָט די זעלבע פּנים־שטריכן, אָבער ווי אויסגעמייסטערט פון אַ גרויסן מייסטער. אין דעם לענגלעכן טונקעלן אָליוו־פּנים — לענגלעכע, אָפענע גרויסע אויגן, אַ געשניצטע נאָז, דאָס דיקע מויל ווי צוויי קאַרשן.

צו די שוועסטערס שטעכווערטלעך איז זי צוגעווינט. נישט קיין נייעס ביי איר. זי וועט נישט אַרבעטן ווי זיי, נישט קאַליע מאַכן די הענט. זי איז ראוי צו עפּעס בעסערס ווי זיין אַ נייערקע. און צו דער הויזווירטשאַפט האָט זי זיך קוים צוגערירט מיט די שפּיצן פון אירע פינגער. די שוועסטער האָבן זי אָפּגעשטופּט מיט כעס, נישט געקענט פאַרטראָגן איר אַרבעט. האָט זי זיך קעציש אויסגעצויגן אויפן בעט און געבלעטערט זשורנאַלן.

דערמאָנענדיק איר וואָס עס איז מיט איר געווען אין יענעם לאַנד פון וואַנען זיי זענען געקומען, האָבן די שוועסטער נישט געוואָלט, נאָך דעם ווי זי איז זיי דערפאַר איין מאָל פאַרפאָרן מיט די נעגל גלייך אין די פּנימער אַריין, און דערנאָך אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמערלעך געוויין.

די עלטערן האָבן זיך געטרייסט, אַז דאָ ווייסט קיינער נישט „דערפון“, זי וועט נישט פאַרזעסן ווערן, ווי די עלטערע טעכטער. זי וועט זיך אַן עצה געבן...

זי וועט שוין פאַנגען אימיצן — האָט איינע פון די שוועסטער אַריינגע־זאָגט מיט אַ שמייכעלע.

— אוי וועט ער נעבעך אַריינפאַלן... — האָט אונטערגעכאַפּט די צווייטע.

מרים פּוצט זיך, גייט אַרום מיט אונטערגעשמירטע, צעבלישטשעטע אויגן און צעגליטע באַקן. אַהיים קומט זי מיט אַן אויטאָ, מען פירט זי צו ביז דער שטוב...

— איצטער ווייס זי שוין וואָס זי וויל. זי וויל ווערן אַ גבירטע מיט אַן אייגענעם אויטאָ, — האָט געחוזקט פון איר די שוועסטער.

— אַוודאי, עס פּאַסט מיר, כ׳וועל פּטור ווערן פון אַלץ — וויזט זי מיט אַ האַנט־באַוועג, אַרומנעמענדיק די שטוב מיטן הויזגעזינד, דערביי האָט זיך איר פּנים פאַרקרימט אין אַ מיאוסן גרימאַס.

— הלוואַי זאָלסטו אַזוי אייביק אויסזען — האָט איר שרה שטעכיק צוגעווונטשן.

*

אין געשעפט אַרבעט אַ יונגער פּאַרקויפער דן, אַ פריילעכער און צע־שמייכלטער בחור. די פּאַרקויפערינס באַמיִען זיך אים געפעלן צו ווערן. דן שמייכלט צו די קליענטן, אָבער אויך צו די פּאַרקויפערינס... יעדע פון זיי האָט געהאָפט צו ווערן זיין אויסדערוויילטע. ווי נאָר מרים האָט זיך באַוויזן אין געשעפט האָט ער אָנגעהויבן צו קוקן נאָר אויף איר און זי האָט זיך געחנדלט צו אים.

זיי האָבן אָנגעהויבן זיך טרעפן, גיין צוזאַמען פאַרברענגען, אָדער אין קינאָ. מרים איז אַריבער אַרבעטן ביי דער קאַסע, מסתמא דנס אויפטו, ער איז אַ קרוב פון אייגנטימער פון געשעפט. די צוויי אַנדערע פּאַרקוי־פערינס קענען מרימען נישט פאַרטראָגן, אָבער נישטאָ קיין ברירה...

— זי קען נאָך נישט רעכט די שפּראַך און האָט שוין אַ מזל צו זיין אַ קאַסירערין. מען זעט בפירוש, אַז עס האָלט שוין גאָר נאָנט צווישן איר מיט דנען. אַ פאַרליבט פּאָרל — האָבן זיי געוואָרטשעט נישט־פאַרגינעריש.

אין אַ טאָג איז געקומען צו פאָרן פון אַ שפּאַציר אין ח״ץ־לארץ דער עלטסטער זון פון באַלעבאָס פון געשעפט, אַן אינזשעניר, אַן עלעגאַנטער מאַנספּאַרשוין, ביי פערציק יאָר אַלט. ווען ער האָט זיך באַוויזן אין גע־שעפט, האָבן אַלע אים אָפּגעגעבן כבוד. ער האָט באַטראַכט מרימען, געשמייכלט צו איר פריינדלעך, געפרעגט ווי לאַנג זי אַרבעט אין דעם געשעפט.

מרימען האָט זיך אויסגעוויזן אַז זי קען אים שוין פון לאַנג. ער האָט אַזעלכע לעבעדיקע אויגן, פיינע מאַנירן, ער דערמאָנט איר אימיצן. יאָ, טאָקע! אַ חידוש — ווי ער דערמאָנט איר יענעם, אַוודאי, די אויגן, די עלעגאַנץ, נאָר דער איז אַ ייִד...

מסתמא איז מרים, די געוועזענע פאַרקויפערין און איצטיקע קאַסירערין, אים געפעלן, ער קוקט כסדר אויף איר, און ער קומט איצט אָפט אין געשעפט אַריין.

ווען מרים קוקט אומרויִק צו דער טיר, קוקט אויפן זייגער, ווייסן די פּאַרקויפערינס אַז שאול וועט באַלד אָנקומען.

היינט האָט זיך מרים פיין אויסגעפּוצט, אין אַ ראָז קלייד, און זי טאַנצט אַרום נערוועז אויף אירע קלעצלעך. זי איז כלומרשט פאַרטאָן, האָט אים נישט געזען אַריינקומען, אָבער זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַזאַ פּאָזע, אַז ער זאָל זען איר גאַנצע געטאָקטע פיגור.

דנס אויגן און די צווי פּאָר אויגן פון די פאַרקויפערינס עסן זיך איין אין זייערע פּנימער.

— ער לויפט נאָך נאָך קליידלעך גאָר? נישט בחינם... ער איז אַ גרויש — זיי האָבן סײַ ווי געוואָלט דנען נאָך פריִער וואָרענען, געבן גוטע עצות: זי מיינט אים נישט ערנסט. ווי קומט זי טאַקע צו דנען? און זי וואַרפט אים נאָך אַוועק... און ווי קומט צו איר דער זון פון באַלעבאָס? סתּם? ווייל זי איז אַ שיינע? אַ מציאה מיט איר... וועט זי וואַגן זיך אַריינלאָזן מיט אים? ער איז דאָך דאָפּלט אַלט ווי זי. אַן אינזשעניר. מיינט ער זי ערנסט? שוין בעסער דן — אַ ברילִיאַנט, און יונג איז ער, ער קען בעסער געפעלן. געווען אַ העלד אין צבא, באַוויזן גבורה, באַקומען אַן אויסצייכענונג. ער איז נעבעך טרויעריק דן, צוליב איר. נישט כדאַי צו זיין טרויעריק צוליב אַזאַ, פאַראַן אַנדערע מיידלעך... — אַזוי האָבן מיט באַדויער געשמועסט צווישן זיך די צווי פאַרקויפערינס ביז ס׳איז דער־גאַנגען צו זיי, אַז מרים האָט דווקא יאָ געוואָגט זיך אַריינלאָזן מיט שאולן. זי קוקט שוין נישט אויף דנען. דן איז טרויעריק, נישט דער זעלביקער.

— ער טוט עס פון ווילטאָג, דער רייכער אינזשעניר, מען זאָגט...

— ווער קען אים פאַרשטיין? — האָבן זיי נאָך אַלץ געפּרוווט, די פאַרקויפערינס, בטל מאַכן דעם גאַנצן ענין.

זיין משפּחה האָט אים געוואָרנט: מרים איז אַזאַ און אַזאַ, מען דאַרף זי אַוועקשיקן פון געשעפט, איין אָנבאָט פון דנען, און זי וואָלט מיט אים געגאַנגען אין בעט...

שאול האָט געענטפערט מיט כעס:

— כ׳בין גענוג דערוואַקסן און זעלבשטענדיק. מישט אייך נישט אין מיינע עסקים.

עס וועט זיין אַ תּכלית פון זייערע באַגעגענישן, שאול וויל גיין מיט

מרימען צו אירע עטלערן. מרים איז אומרויִק. זי איז זיך מודה פאַר אים: איר היים איז אַ גאָר פּשוטע, צוויי עלטערע שוועסטער, די שטוב ווייט פון לוקסוס...

— אָט דאָס געפעלט מיר. איך האָב עס פאַרשטאַנען, גוט אַזוי. כ׳האָב שוין לײדער געגוג ביטערן נסיון מיט מיין געוועזענער פרוי, איך וויל אַ באַשיידענע פרוי.

ביי מרימען אין שטוב האָט מען זיך געגרייט אויפצונעמען אַזאַ חשובן גאַסט, דעם באַלעבאָס זון! די שטוב איז טאַקע פשוט און באַשיידן מעבלירט, אָבער נישט צו פאַרזינדיקן, אַ סך שענער ווי עס איז געווען דאָרטן, אין אַרגענטינע.

די שוועסטער מיט דער מאַמען האָבן געריימט, געשייערט. ביידע שוועסטער האָבן דערביי געבורטשעט, אַז זייער שוועסטער האָט זיך נישט פאַרדינט אַזאַ טירחה, אָבער עס איז דאָך פאַרן אינזשעניר, פאַרן גביר.

מרים האָט גראַציעז אַריינגעשפּאַנט אין שטוב מיט אַ גאָר עלעגאַנטן מאַנספּאַרשוין. די מאַמע, אַן אויסגעפּוצטע, האָט ברייט צעעפנט די פענצטער:

— כ׳האָב ליב פרישע לופט, האָט זי אים באַגעגנט מיט אַ נישט־דרייסטן שמייכל.

באַזאַכט און פריינדלעך איז אָנגעגאַנגען דער שמועס אין יִדיש. שאול ווייסט אַז מרימס משפּחה קען נאָך נישט קיין עברית, כאָטש מרים רעדט שוין אַ ביסל.

שאול האָט ליבלעך אָנגענומען מרימען ביי דער האַנט:

— לאַנג נישט גערעדט קיין יִדיש — פאַרטיידיקט זיך שאול — דערפאַר איז מיין שפּראַך אַזוי האַרט.

מרים האָט אים אָפּגעענטפערט מיט נחתדיקע בליקן, ווי אַ פאַרוויגטע אין אַ זיסן חלום.

די טעכטער קוקן אויפן טאַטן וואָס זיצט ביים אויבן־אָן, מיט ביידע עלנבויגנס אָנגעשפאַרט אויפן טיש און קראַצט זיך דאָס פנים, בויערט מיט אַ פינגער אין אויער און אין דער נאָז. ער האָט אויפגעכאַפּט שרהס

בליק — זי האָט אים לייכט צוגעווונקען — יאָ, די טעכטער לערנען זיך, ווי ער וואָלט געוועז זייערס אַ קינד, אַלץ פֿאַרשטייען זיי כלומרשט בעסער.

ער האָט אַרויסגענומען פֿון אַ הויזן־קעשענע אַ גרויס קאָלירט נאָז־טיכעלע, עס צעשפרייט, אויסצושנייצן די נאָז, ווי תמיד מיט אַ רעשיקן פֿייף און מיט אַ כריפּ. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן גאַסט, אויף די טעכטער, און דער פֿייף איז אַרויס אַ קליין פֿייפֿעלע... ער האָט אָפּגעהוסט אַ פֿאַרשעמטער, קהע, קהע, און זיך גלייכגעזעצט אויפֿן שטול.

דער גאַסט האָט געבעטן אים רופֿן שאול בלויז. ער האָט פֿריינדלעך געשמייכלט צו אַלעמען, באַוווּנדערט דעם גוטן טעם פֿון דעם כּיבוד. די טעכטער האָבן זיך געפּאָרעט ביים טיש מיט געמאַכטער זיכערקייט — ווי זיי וואָלטן עס געטאָן יעדן טאָג, נישט געזשאַלעוועט קיין כּיבוד דעם גאַסט. אסתּר, די יינגערע טאָכטער, האָט זיך באַמיט אונטערצוהאַלטן דעם שמועס און אַרויסגעוויזן בקיאות אין פּאָליטיק.

— אַוודאי זענען מיר צופֿרידן צו זיין אין ישׂראל, אין אונדזער אייגן לאַנד. איך לייען די שפּאַנישע צייטונג, וויס איך וואָס עס קומט דאָ פֿאָר אין לאַנד און אין דער וועלט. מיר וועלן זיך נישט לאָזן מער פֿון די אַנטיסעמיטן. אונדזער צבא איז שטאַרק, יאָ, איך לייען.

שאָול האָט צוגעשאָקלט גוטמוטיק מיטן קאָפּ און צוגעגעבן אויף זיין שוואַכן ייִדיש:

— יאָ, איך געאַרבעט אין מיין באַרוף מהנדס, אין צבא. גוט. איר דאָ צופֿרידן, איר אַרבעט, זיין גוט, איר קענען עברית...

מרים האָט איצט וואַרעמע געפֿילן פֿאַר איר משפּחה. דאַכט זיך, צום ערשטן מאָל. זי באַשליסט, אַז זי וועט זיי אַלעמען קויפֿן מתּנות. און שאול קוקט אויף מרימען אַ צעשטראַלטער.

ווען ער איז אַוועק האָט די מאַמע געזאָגט:

— ער איז אַ יונגער מענטש, זעט אויס ביי די דרייסיק. דו ווייסט, זעליק, עס וועט זיין אַ סגולה צו טון מיט זיי שידוכים, מיין האַרץ זאָגט עס מיר. — האָט זי געוויזן אויף די צוויי עלטערע טעכטער.

— הם, געזען אַ פּאַרשוין? אַ ברכה צו מאַכן איבער אים. דאָ אין ישראל — וואָס פּאַר אַ בחורים, וואָס פּאַר אַ זעלנערס מיר האָבן! ער איז געווען אַ זעלנער, האָט ער געזאָגט. אין אַלץ זע איך דעם אייבערשטנס האַנט — האָט באַשטעטיקט דער טאַטע.

— אַלץ איז שוין גוט. דער טאַטע האָט שוין אָפּגעזאָרגט. די פּרינ־צעסין האָט באַקומען אַ פּרינץ. אַז ער איז דאָפּלט אַלט ווי זי, דערצו אַ געגטער, דאָס איז גאָרנישט — האָט שרה, אויף איר שטייגער, אַריינ־געזאָגט בייסיק.

— אַלץ אין איינעם איז נישטאָ ביי קיינעם — האָט די מאַמע אָפּ־געזיפצט.

— גייט גוט — איז געבענטשט די מדינה, גייט שלעכט — איז די מדינה שלעכט, זענען די מענטשן שלעכט. „דאָרטן" איז נישט געווען שולדיק דאָס לאַנד וואָס מיר זענען נישט געוואָרן קיין גבירים, דער טאַטע האָט פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, סאָדע־וואַסער און אַנדערע שמאָנצעס.

— שלום־עליכם, אסתר, ביסט אַראָפּגעפאַלן פון בוידעם, פּלאַפּלסט סתם, אַבי עס זאָל שמעקן מיט פּאָליטיק — האָט מרים זיך אַריינגעמישט אין שמועס.

— וואָס ווייסט זי, די איגנאָראַנטין, זי ווייסט פון פּאָליטיק?...

אַזוי האָט מען איינגעטענהט אין שטוב.

און אין דער שכונה האָט מען שוין געוווסט צו דערציילן אַז די „שוועסטערקינדער" האָבן דאָ גוט אַריינגעשאָסן. מרים וועט חתונה האָבן מיט אַ וואָזשנע פּערזענלעכקייט, וואָס זעט אויס ווי אַ מיניסטער, און ער איז דאַכט זיך אַ מיניסטער. און שרה, די מיאוסע אַלטע מויד, פּוצט זיך, זי וועט חתונה האָבן מיט אַן אַלמן וואָס איז גאָר נישקשה.

די טעג זענען געווען וואַרעמע, ריחות פון די דערבייַיקע בליִענדיקע פּרדסים האָבן אָנגעפילט די אויסגעפּוצטע שטוב. די שוועסטער קריגן זיך נישט מיט מרימען, זי ברענגט זיי מתנות, העלפט זיי שיין באַקליידן זיך. עס דאַרף אַזוי זיין. זיי זענען זיך משדך מיט אַ חשובער משפּחה. גרויסע זאַכן דערוואַרטן מרימען. זי וועט פאָרן מיטן אינזשעניר אין

דערברייטער וועלט, איינשטיין אין לוקסוס־האָטעלן. זי וועט לעבן ווי אויף אַ בינע, באַלויכטן מיט רעפלעקטאָרן. אַ שטאַרקע האַנט פירט זי אַרויף צו איר חלום, וואָס זי האָט אַ מאָל געחלומט, און היינט איז זי צו אים דערגאַנגען. מען גרייט זיך צו דער חופה. זי איז געוואָרן שאולס שילערין. ער לערנט זי, און ער פילט זיך גוט מיט דער יונגער שיינער מרים. ער האָט איר אויסגעצירט די פינגער מיט בריליאַנטענע רינגעלעך און זי באַצירט שוין זיין מאַנצבילשן געלעגער מיט איר יונגן, שיינעם גוף.

שוין נאָך דער האָניק־רייזע אין אויסלאַנד. שאולס לוקסוס־דירה איז איצט אויך מרימס דירה. עס זענען אַדורך זאַטע און פריילעכע חדשים. מרים איז נאָך אַלץ שאולס שילערין. ער לערנט זי ווייטער, ווי צו גרייטן שיין דעם טיש און ווי צו פירן אַווירטשאַפט.

שאולס משפחה קוקט קרום אויף דער פשוטער פאַרקויפעריןן וואָס איז געוואָרן די באַלעבאָסטע פון אַזאַ שיינער היים. און מרים האָט גאָר דאָס געפיל אַז צו גיך האָט זיך אויסגעוועפט דאָס שיכרות פון די זאָרג־לאָזע, איבערגעלאָדענע מיט פרייד און עשירות האָניק־חדשים, און זי שפירט זיך עלנט — אַפילו מיט די בריליאַנטן אויף די הענט און מיט דעם צירונג אויפן האַלדז — אין די גרויסע סאַלאָנען פון זייער דירה, ווו דאָס מאָדערנע מעבל און די טייערע דיוואַנען, די סטאַטועטקעס און די רוקנס פון די ביכער מיט נישט־פאַרשטענדלעכע אויפשריפטן, כפלען זיך אין די קרישטאָלענע שפיגלען אויף די ווענט. אַלץ איז דאָ אַ חלק פון אים, איז זיינס. אירס איז דאָ בלויז דער חלום... אַלע האַלטן זי פאַר אַ גליקלעכע, טאָ פאַר וואָס פילט זי נישט אַז זי איז גליקלעך?

עס קומען געסט אין שטוב, שאולס באַקאַנטע. זיי רעדן וועגן זאַכן פון וועלכע זי האָט נישט קיין אַנונג. אַז זי ווייסט שוין יאָ עפּעס, שעמט זי זיך אַרויסצוזאָגן. זי האַלט זיך אָן פעסט אָן די ראַנדן פון שטול, איר דאַכט זיך, מ׳זעט זי נישט, מ׳ווייסט נישט אַז זי איז דאָ. זיי רעדן דאָ ענגליש, פראַנצייזיש, אַפילו אַראַביש. עס דאַכט זיך איר, אַז די געסט פרעגן זי מיט די אויגן: וואָס טוסטו דאָ, ווי קומסטו אַהער?

זי טיילט כיבוד, איז צופרידן ווען מען לויבט דעם טאָרט. „יאָ, ער איז געקויפט" — זי גיט דעם אַדרעס... עס איז פון אַ וואַזשנער בעקעריי...

אין אַן אָוונט, ווען די געסט זענען אַוועק, האָט זי געזאָגט מיט כעס:

— לאַנגווייליקע שמועסן, אייער כוח איז אין אייערע פּראָפּעסיעס, עס איז נודנע מיר צו הערן די אַלע רייד.

ער האָט זי אָנגעקוקט גוטמוטיק.

— אמת, נישט אַלע פּרויען האָבן ליב ערנסטע שמועסן.

— יאָ, אָבער דיין משפּחה רופט מיך נאָך אַלץ „די פּאַרקויפערין".

— מרים, כ'וויל עס מער נישט הערן, נאַרישקייטן, דו חזרסט עס איבער כסדר, איך גלייב, אַז עס פעלט דיר גאָרנישט.

— ניין, עס פעלט מיר גאָרנישט, אַ זאַטע היים... מיינע שוועסטער און אַנדערע זענען מיך מקנא.

ער האָט זי אַרומגענומען מיט זיינע וואַרעמע בליקן — ווידער אַן אָנשיקעניש. ער איז געווען זיכער אַז זי, אַ פּשוט און אָרעם מיידל, וועט זיין גליקלעך צו געפינען זיך אין איר איצטיקן מעמד.

— כ'וויל בעסער גיין אין קינאָ, נישט פּטרן אַן אָוונט אויף ריידערייען.

— ווילסט גיין אין קינאָ? גיי.

— שיקסט מיך אַוועק פון שטוב. איך בין נישט פּאַסיק פאַר דיינע געסט?

זיין שיין מענעריש פּנים האָט אויסגעזען דערשראָקן.

— מרים, וואָס פאַלט דיר איין. ביסט מיר ליב אַזוי ווי דו ביסט, אָבער אָן קאַפּריזן — ער האָט זי אַריינגענומען אין זיינע אָרעמס און אָנגעקוקט מיט פאָרוואורף.

— כ'וועל נישט גיין איינקויפן מיטן קוישל, כ'וועל נישט עפענען די טיר ווען דאָס דינסטמיידל איז נישטאָ, כ'בין נישט קיין דינסט — האָט זי אים געענטפערט אַרויסשאַרנדיק זיך פון זיינע אָרעמס.

אַ ווייטיקלעכער גרימאַס באַווייזט זיך אויף שאולס פּנים. שווער, גאָר שווער זי איבערדערציִען. זי לאָזט זיך נישט לערנען. בונטעוועט זיך, און ער איז געווען זיכער...

זיי זיצן אויף דער וועראַנדע, ווי אין דרעמל, פונקט ווי די געוויקסן אין די גרויסע בלומענטעפּ. זיי זיצן רויִק, כאָטש קיין שטילקייט צווישן זיי איז נישט פאַראַן. מרימס פירונג רייצט שאולן. ער האַלט אײַן זײַן כעס, לייענט די צייטונג, לייגט זי אַוועק און נעמט זי ווידער. מרים פילט זיין געמיטצושטאַנד, זי טראַכט: „מען דאַרף נישט צו פיל אײַנ־רייסן". „די עלטערנס שטוב, קעגן אָט דער וווינונג..." זי האָט זיך דער־שראָקן פאַרן געדאַנק, אויפגעשפּרונגען און איז צוגעגאַנגען צו שאולס לענשטול:

— כ'וועל ברענגען עפּעס צו טרינקען.

זי גיסט אין די גלעזער אַ געל־גאָלדן געטראַנק און גיסט אַריבער איבער די ברעגעס... שאול האַלט זיין פאַרוואָלקנטן בליק אויף איין פּונקט.

*

מרים האָט זיך אויסגעלערנט נישט אײַנרייסן מיט שאולן... זי באַ־וויזט אים, אַז זי איז שטאָלץ אים צו האָבן פאַר איר מאַן, קוקט אים אין די אָפענע גרויע אויגן, גלעט זיינע האָר, שפּיגלט זיך אין זיין עלעגאַנץ, — און אין דמיון באַהעפט זי זיך מיט יענעם, מיט דעם לערער אין שולע. נעבן לערער האָט זי זיך געהאַט געפילט חשוב, ווייט פון איר פּשוטער היים. דער לערער האָט אָן אויפהער גערעדט פון איר שיינקייט, זיינע באַרירונגען האָבן געמאַכט זידן אירע בלוטן; אירע אָרעמס זענען תמיד געווען אָפן פאַר זיין ליבע.

ער האָט געהאַט אַ פרוי און צוויי טעכטער. נישט וויכטיק. ער האָט גערעדט וועגן מאָדערנע צייטן.

זי האָט זיך דערווייטערט פון איר היים, געוועזן גרייט זיך דערווייטערן פון ייִדישקייט, אָבער צו אים איז זי אויך נישט דערגאַנגען. איצט דער־מאָנט זי זיך וועגן דעם מיט פאַרדראָס. ער האָט זי אויסגענוצט און געהאַלטן זי אויף אַ מרחק, געגנבעטע ליבע, טרעפונגען אַפילו אין שולע, נאָך די לימודים. בלויז תאווה. און דאָס האָט זי אָפּט מאָל דערנידעריקט. זי האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון אים. אָבער די תאווה האָט אויך

איבער איר געהערשט און אַ חברטע האָט זי געוואָרנט:

— ער הייבט שוין אָן קוקן אויף אַ צווייטער שיינהייט, אַזאַ איז ער דער יידן־שונא! מרים איז געוואָרן אין כעס אויף דער חברטע, געוואָרן מיט איר ברוגז — כאָטש זי האָט געפילט אַז ס׳איז אמת.

עס איז דערגאַנגען צו דער מאַמען. מסתמא טאַקע פון דער חברטע.

— אַז דער טאַטע וועט געוויוער ווערן, זאָל דיר גאָט העלפן.

— דער טאַטע, דער קיאָסקער, אַ מענטש צו גאָרנישט, נישט קיין אויסטויגער, ווי איך האָב דיך געהערט זאָגן. וואָס וועט ער מיר טאָן?

— ער איז דיין טאַטע, דו מוזסט אים רעספּעקטירן!

די שוועסטער האָבן עס דערטראָגן צום טאַטן. ער האָט ברייט אויפגעריסן די שמאָלע אויגן:

— ווײַ, ווײַ, מיט אַ גוי? זי קען זיך חלילה אַפּשמדן!

ער האָט זי דווקא נישט געזידלט, נישט געשלאָגן, ווי דאָס בני־בית האָט דערוואַרט. ער האָט באַקומען אַ פּנים ווי ער וואָלט געליטן ווייטיקן.

— מיין נחת, אַלע זאָגן, זי איז אַ שיינהייט. דער גוי איז אַ גאַנצער מאַכער ביי די אַנטיסעמיטן, אַזוי האָב איך געהערט וועגן איר לערער, מיין נחת... שוין אויס, וועסט שוין אין שולע נישט גיין!

— אַוודאי דאַרף זי נישט מער לערנען, איך און אסתר זענען מיר אויך נישט קיין געבילדעטע דאַמען. געמוזט פרי אָנהייבן אַרבעטן. און זי דאַרף גאָר ווערן אַ פּראָפעסאָר? — האָט שרה צוגעהאָלפן דעם טאַטן.

די שוועסטער האָבן באַהאַלטן מרימס ביכער. זעליק האָט פאַרנאַכלעסיקט זיין קיאָסק, פאַרשווונדן אָפּט פון שטוב. מ׳האָט נישט געוווּסט וואַהין. ביז אין אַ טאָג איז ער געקומען מיט אַ בשורה: ער וועט פאַרקויפן דעם קיאָסק, אָוועקגעבן די דירה, באַקומען אַ סך שליסלגעלט, און פאָרן קיין ישראל.

די עלטערע טעכטער האָבן זיך דערפרייט. מיט האָפענונגען אויף בעסערע אויסזיכטן פאַר זיי דאָרט, אין ישראל, האָבן זיי אויפגענומען דעם טאַטנס באַשלוס.

— דאָס גרויסע געווינס האָט ער געוווּנען, גאָלדענע גליקן וועט ער דאָרט האָבן, פּונקט ווי דאָ... — האָט מרים געחוזקט, פונדעסטוועגן האָט דעם טאַטנס פּירונג לגבי איר זי צענומען: ער זידלט זי בישט.

אָבער זי בענקט אַלץ נאָך דעם לערערס פעסטע אָרעמס און זי האָט געפונען אַ וועג זיך צו טרעפן מיט אים. אים זאָגן וועגן טאַטנס פּלענער.

— אַהאַ, אייער מדינה. עס ציט אייך אַהין צווישן אייגענע, אייעריקע. נישט זיכער דאָרטן מיטן לעבן. די אַראַבער וועלן אייך סוף סוף פאַר־יאָגן פון „אייער" מדינה. און...

אַנשטאָט זי בעטן זי זאָל דאָ בלייבן נעבן אים ווייל ער האָט זי ליב — ווי זי האָט געהאָפט — האָט ער געפרעגט ווען זי פאָרט. איר געוווּנטשן אַ גוטע רייזע.

— דו ביסט אַ שיינע, וועסט זיך אַן עצה געבן.

און זי האָט זיך נאָך געטראָפן מיט אים. אים געוועזן נאָכגעביק. און איצטער, ערשט איצטער פילט זי זיך שטאַרק דערבידעריקט. ער האָט גערעדט מיט גרינגשעצונג וועגן יידישן לאַנד. דערציילט איר ליגנס, גערעדט פּונקט ווי די וואָס ווילן טאָן שלעכטס דעם לאַנד. איצט דער־מאָנט זי זיך אין אַלעם און פילט אַ שטאַרקן כעס צו אים.

זי האָט זיך דערשראָקן פאַר אירע אייגענע געדאַנקען: זי האָט געפּרוּווט פאַרגלייכן שאולן מיט יענעם, אַז אויך פאַר שאולן טויג זי נאָר אין בעט...

זי איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב מיט אַ ווילדן אימפּעט. אין דרויסן בלייבט זי שטיין, ווי די ליכט און זון וואָלטן זי אויפגעוועקט, וואוהין זאָל זי גיין? אין אַ קאַפע? ניין. עס נעמט זי אַרום אַ בענקשאַפט נאָך היימישקייט, צו דער מאַמען, צום טאַטן.

אין די עלטערנס שטוב איז געמיטלעך און הייטער. זי טרעפט דאָרט שרהן מיט איר קינד. די מאַמעשקייט האָט דערוואָרעמט שרהס אויסגע־צויגן פּנים. די שמאָלע אויגן שמייכלען מיט נחת און זאַטקייט.

מרים זיצט צווישן זיי, בייסט זיך די נעגל, האָרכט זיך איין ווי זיי רעדן וועגן זייערע טאָג־טעגלעכע זאַכן און קליינע דאגות. שרה האָט דערלעבט צו דעם וואָס זי האָט געגאַרט. די עלטערן האָבן נחת פון איר.

— נישט צו פאַרזינדיקן, כאָטש בעסער האָט נישט קיין שיער — זאָגט די מאַמע און קוקט פאַרשנדיק אויף מרימען און איר פּנים ווערט פאַרדאגהט. די עלטערע טעכטער זענען שוין נישט קיין פאַרזעסענע בתולות. זי, די מאַמע, דאַרף שוין נישט זיפצן און זאָרגן, אסתר האָט אויך שוין אַ חתן. אָבער פאַר וואָס איז מרימס פּנים נישט פריילעך? קיין זאַך שטעלט נישט צופרידן די מרים. כאָטש דערלאַנג איר דאָס טעלערל פון הימל...

— האָסט זיך דערווייטערט פון אונדז, שוועסטערל, מיר דאַרפן חלילה נישט פון דיר.

מרים פאַרטראַגט נישט דער מוטערס פאַרשנדיקע בליקן, דער שוועס־טערס שטעכווערטלעך. די שטוב איז איר סיי היימיש, סיי פרעמד. ווי גערן זי האָט געוואָלט אַהערקומען, אַזוי יאָגט זי עפּעס איצט פון דאַנען.

— די פּרינצעסין, מיט מער ווי דאָפּלט עלטערע פון איר מענער — זאָגט שרה נאָך איר אַוועקגיין.

— איך פאַרשטיי נישט, כ'בין אַ פּשוטער מענטש, איך ווייס נישט פון קיין קרומע וועגן. איך פאַרשטיי זי נישט — ענטפערט איר אסתר.

— מ'ווייסט שוין, מ'ווייסט, מ'האָט שוין געהערט. נישט פליישיק, נישט מילכיק — לאָזט די מוטער אויס איר כעס צו מרימס מאַן.

— זי איז תמיד די זעלבע, מרימל, גייט אויף דער ערד און איז נישט אויף דער ערד — שטילט שרה איין די עלטערן.

און מרים פילט טאַקע אַזוי. נישט קיין ערד אונטער אירע פיס, נאָר ווענט אַרום די זייטן, הויכע, טונקעלע...

זי גייט אַ סך אין די קאַפעען. קוקט אויף מענטשן, אויף פאַרביי־גייערס, מענער קוקן אויף איר. די באַזלעכער אין איר געשניצטער נאָז

צשעפּרייטן זיך מיט אַן אומרו. עס איז איר גוט צו פילן אַז זי געפעלט מענער, זיצט זי דאָ.

זי פילט זיך ווי אַ פאַרשקלאַפטע צו נישט־געשטויגענע חלומות. געוואָלט ליבע, איצט הענגט שוין ווידער אַלץ אויף אַ האָר. קיין זאַך איז נישט אייביק אויף דער וועלט. זי ווייסט, אַז זי קען בייטן מענער. זי וועט אָבער נישט זאָגן: „אַזוי און אַזוי וועל איך טאָן״. ניין. זי ווייסט: עפּעס וועט שוין געשען...

# אין קלעם

אונדזער באַקאַנטשאַפט מיט די שכנים האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ שווערן חמסין־טאָג. מיר זענען געגאַנגען אָנקוקן די דירה ווו מיר האָבן געדאַרפט בקרוב זיך אַריינציִען. מידע האָבן מיר געטאָפּטשעט אין זאַמד, ביז מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען צו אַ דריישטאָקיק הויז.

— זעסט — קוקט זיך אַרום מיין מאַן אויף די הענגענדיקע וועש און בעטגעוואַנט — זעט אויס מיר וועלן האָבן לייטישע שכנים.

איך האָב בייגעקומען מיין מידקייט און זיך צעלאַכט:

— טאָקע אַ סימן: שיינע וועש...

— די שטאָט וואַקסט ווי אויף הייוון, עס וועט דאָ זיין אַ שיינע שטאָט! אַין קלייניקייט, נעבן ים!

— דערווייל וועלן מיר „אַ ביסעלע" טאָפּטשען אין זאַמד...

אַרויפגעקומען ביזן דריטן שטאָק, צו אונדזער דירה, האָבן מיר באַקומען אַ „קבלת־פּנים" פון אַ ווייס־ברוין הינטל, וועלכער האָט אונדז בשום־אופן נישט געלאָזט אַרויף, נאָר רק זיך געוואָלט וואַרפן אויף אונדז. בלית־ברירה זענען מיר אַראָפּ, אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר און געבעטן, אפשר וועט פאַר זיי דאָס הינטל האָבן דרך־ארץ.

אַ פרוי איז אַרויס וואַרטשענדיק אויפן הינטל און אויף זיין באַלע־באָסטע. מיר האָבן זיך באַלד דערוווּסט אַז מיר זענען אַריינגעפאַלן מיט אַ שלאַק אַ שכנה און אַ הינטל אַ שונא.

דאָס הינטל האָט אויסגעזען חנעוודיק, האָב איך מיך געטרייסט, אַז פאַר אַ געשמאַקן ביסן וועלן מיר ווערן פריינד. אָבער זיין באַלעבאָסטע? און פונקט אַקעגן אונדזער טיר? ווער ווייסט וואָס עס דערוואַרט אונדז אין דער נייער דירה...

נאָכן אַריינציִען זיך האָבן מיר מער דאָס הינטל כמעט נישט געטראָפן אויף די טרעפּ, אָבער דאָס בילן האָט זיך געלאָזט הערן...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אונדז גערופן אויף אַ שכנים־פאַרזאַמלונג ביי אַ שכן פון פּאַרטער, ווו עס האָט געזאָלט אַרומגערעדט ווערן די „אויפפירונג״ פון הינטל. די שכנה וואָס איז אונדז געקומען מודיע זיין וועגן דעם האָט צוגעגעבן, אַז זי האָפט, אַז אונדז וועט זיכער זיין „אָנגענעם״ צו פאַרברענגען צוזאַמען מיט די שכנים ביי קאָרטן־שפּילן. דאָ, אין דעם קליינעם העק, איז עס אַ גוטער צייטפאַרטרייב, „בעסער ווי רעדן רכילות״. אָבער דרך־אגב האָט זי צוגעגעבן אַז די ביי וועמען די פאַרזאַמלונג וועט פאָרקומען זענען זייער פאַרמעגלעכע מענטשן, האָבן באַקומען פּיצויים, און די פאַרזאַמלונג איז אַן אויסרייד צו ווייזן דאָס נייע מעבל. זי, פאַרקערט, האָט פיינט אָנצושטעלן אַ סך מעבל. וועגן דער אייגנטימערין פונעם הינטל האָט זי מרמז געווען, אַז איר פירונג איז פאַר־דעכטיקט, חברט זיך נישט מיט די שכנים פון שיכון און איז אומסימפּאַטיש.

עפּעס אומדערזאָגט איז געווען אין איר ביטולדיקער האַנטבאַוועגונג.

אויך אויף דער באַראַטונג האָב איך געהערט די זעלבע מיינונג וועגן דער פרוי פונעם הינטל, וואָס איז דאָ נישט לאַנג געוואָרן אַן אלמנה.

לויטן פּילדייטיקן איבערקוקן זיך ביים דערמאָנען יענער פרוי, איז מיר איינגעפאַלן, אַז דאָס הינטל איז בלויז אַן אויסרייד אויסצודריקן פּראָטעסט קעגן זיין אייגנטימערין.

אפשר אַ פרוי מיט אַ לייכטער אויפפירונג?

כ׳האָב זיך צוגעקוקט צו די שכנים, געפּרוּווט עפּעס אַרויסלייענען פון זייערע פּנימער, זיי האָבן אָבער קיין זאַך נישט אויסגעדריקט, אויסער אפשר אַ ביסל בייזוויליקייט...

צו אונדז האָט מען אַרויסגעוויזן העפלעכקייט געמישט מיט נייגער. מ׳האָט דערלאַנגט כיבוד, באַקוקט דאָס נייע מעבל, אויסגעדריקט התפּעלות. די בעל־הביתטע פון שטוב האָט געשיינט פון הנאה, דער מאַן, מיט אַרויס־געזעצטע אויגן הינטער דיקע ברילן, האָט געהאָלפן ביים דערלאַנגען דעם כיבוד.

געווען דאָ אַ פּאָרל, דאָס פּנים ביי דער פרוי פּירקאַנטיק, מיט בייזע אָנגעשפּיצטע אויגן, וואָס האָבן געשפּריצט מיט פונקען פון האַס דורך די

דינע ליפּן, קעגן דער פרוי מיטן הינטל און אַלע שלעכטע מענטשן. איר מאַן — אַ קליינער, אַ שוואַרצער, האָט איר געקוקט אין מויל און אויף אַלץ פּאַטאַקעוועט.

— אָ, זי האָט אַ שטיינערן האַרץ, די דאָזיקע לייט זענען אויף אַלץ פעיִק... מען דערקענט אַז זי האָט געבנוג אויפגעטון אין איר לעבן... „פּלוצעם" איז ער גאָר געשטאָרבן...

זי האָט זיך געוויגט אויף די פּיס בשעתן רעדן, און כ'האָב דערפילט אַ ווידערווילן צו איר. די אייגנטימערין פון שטוב האָט מיך נישט געלאָזט לאַנג טראַכטן, זיך צוגערוקט צו מיר, פאַררייכערט אַ ציגאַרעט, אַרויס־געלאָזט דעם רויך אין דער הייך און מיט איר מענעריש קול געזאָגט:

— אַ מאַנאַט ווי דער מאַן איז איר געשטאָרבן און ביי איר — ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען. ס'קימערט זי נישט. ער איז געווען אַרבעטסלאָז, נעבעך קרענקלעך, געווען עלטער פון איר, ווער ווייסט וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן ביי איר...

אַלע האָבן איר פּאַטאַקעוועט, חוץ איינע, אַן עלטערע פרוי, אַ פּשוטע לויטן אויסזען, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט געדרייט אומרויִק אויף איר שטול, האָט מיט גוטסקייט געזאָגט:

— לאָזט זי אָפּ, לאָזט זי שוין צו רו.

ס'איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז צוויי שכנים זאָלן זיך ווענדן צו דער פרוי אַז זי זאָל אַוועקפּטרן דאָס הינטל.

די פרוי האָט געענטפערט אַז בקרוב וועט זי עס אַוועקגעבן צו באַ־קאַנטע, און אַזוי האָט זיך געענדיקט די געשיכטע מיטן הינטל.

מיך האָבן געעקבערט אין מוח די אַרויסגעזאָגטע ווערטער וועגן דער פרוי, — די רמזים וועגן טויט פון איר מאַן, דאָס אונטערשרייבן מיט איראָניע די ווערטער „פּלוצעם געשטאָרבן" — און עטוואָס פאַרשאָטנט מיין פריידז פון דער שיינער נייער דירה.

די שכנה פון אַקעגן אונדזער טיר האָט אונדז דערווייל נישט באַ־לעסטיקט. די איבעריקע שכנים האָבן אונדז דווקא יאָ געזוכט, געקומען

מיט אַן אויסרייד, פאַרבעטן שפּילן קאָרטן, אָבער מיר האָבן זיי לײדער אַנטוישט. מיר שפּילן נישט קיין קאָרטן.

און די שכנה פון אַקעגן אונדזער טיר, וויפל מאָל כ'האָב זי באַגעגנט אין דרויסן, אָדער אויף די טרעפּ, האָב איך זי באַהאַלטענערהייט אָבסערווירט, און מאָדנע... זי האָט אַרויסגערופן ביי מיר סימפּאַטיע.

זי איז געגאַנגען מיט ווערדע, אַן אויסדרוקספול פּנים, די אויגן האָבן געקוקט מיט טרויער און קלוגשאַפט, אָנגעטון איינפאַך און געשמאַק. איין מאָל האָב איך דערפילט אירע פאַרשנדיקע בליקן אויף מיר, דערנאָך אַ לייכטן שמייכל. כ'האָב אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל. כ'האָב געטראַכט: „שלעכטע אויפפירונג? הם... זי דאַרף דאָך שוין זיין ביי די פופציק... אפשר אין דער פאַרגאַנגענהייט און די שכנים האָבן זיך ערשט איצט דערוווּסט וועגן דעם...” כ'האָב זיך נישט געקענט באַפרייען פון געפיל, אַז כ'האָב זי ערגעץ געזען.

ביז איין מאָל, אין אַ צעפאַרעטן אויגוסט נאָך מיטאָג, האָב איך דערהערט ביי מיין טיר אַ לייכטן קלאַפּ, כ'האָב זיך איינגעהערט, און געפרעגט „ווער איז?”

— איך... איך... כ'פיל זיך שלעכט.

איך האָב געעפנט די טיר און דערזען מיין שכנה, אַ בלאַסע, זיך וואַקלענדיק. די טיר פון איר וווינונג איז געווען אויפגעפּראַלט.

כ'האָב זי אָנגענומען אונטערן אָרעם, אַריינגעפירט אין איר וווינונג, צוגעפירט צו דער סאָפע און איר געהאָלפן זיך אַנידערלייגן — קענטיק געווען אַז זי איז געקומען פון אַ רייזע, אויפן דיל איז געלעגן אַ בייטל.

מיט אַ שוואַך קול און פאַרמאַכטע אויגן האָט זי געבעטן דערלאַנגען איר טראָפּנס פון אַ פלעשל. כ'האָב איר געזאָגט, אַז כ'וועל בעטן עמעצן פון די שכנים רופן אַ דאָקטאָר. זי האָט געעפנט די אויגן און גערעדט שטיל און אָפּגעהאַקט:

— מען דאַרף נישט, עס וועט אַדורכגיין, כ'בין געפאָרן, ס'איז שטאַרק הייס, כ'בין לעצטנס שוואַך, נישט דאָס ערשטע מאָל... — און זי האָט ווידער פאַרמאַכט די אויגן.

— אפשר אַ קאַלטן טרונק? אפשר דאַרפט איר זיך טאַקע באַראַטן מיט אַ דאָקטאָר?

— כ׳וועל זיך אויסרוען, וועט עס אַדורך. כ׳בין געוואָרן אַ צעקראַ־כענע. בלייבט אַ ביסל מיט מיר, זעצט זיך — האָט זי מיר געוויזן אַן אויסגעבעטן שטול.

כ׳האָב זיך געזעצט לעבן איר בעט, רחמנות און סימפּאַטיע צו איר האָבן גובר געווען אַלע מיינע ספקות. כ׳האָב באַטראַכט איר צימער: איינפאַך און געשמאַק אויסגעמעבלט. אַ גרויסע ביבליאָטעק ציט צו מיינע בליקן: אַ סך וויסנשאַפטלעכע ביכער, מיינסטנס מעדיצין און פּוילישע בעלעטריסטיק.

כ׳טראַכט: ווער ווייסט... מסתמא אַן „אויסגעגליטשטע" פרוי, אפשר אַ נאַרקאָמאַנין? אינסטינקטיוו ווענד איך צו איר מיינע אויגן: זי איז געלעגן האַלב־אַנגעלענט, געקוקט אויף מיר.

— כ׳האָב איך מטריח געווען, זייט נישט ברוגז.

— זייט רויק, איר׳ט געמוזט אימיצן רופן, מיר זענען דאָך די נאָ־ענטסטע שכנים. כ׳זע פּוילישע ביכער, כ׳בין אויך געבוירן אין פּוילן, פון וואַנען זענט איר?

— פון אַ קליין שטעטל, ס. האָט עס געהייסן.

כ׳האָב אויפגעציטערט.

— ווער ביסטו פון דאָרטן?! כ׳בין פון אַ שכנותדיק שטעטל, אין אייער שטעטל האָב איך געהאַט ווינען אַ ברודער, כ׳פלעג דאָרטן זיין לאַנגע וואָכן, כ׳האָב אַלעמען געקענט — אין איין אָטעם האָב איך עס אַרויסגעבראַנגט.

— כ׳בין מיראַ ב. און דו?

— מיראַ ב.? — האָב איך איבערגעפרעגט אַן איבערראַשטע.

— דו קענסט מיך? — האָט זי געעפנט אירע אויגן מיט פאַרוווּנ־דערונג.

אויגן איינגעפאַסטע אין שוואַרצע רעמלעך באַוועגן מיט די ברעמען

ווי אַ געפאַנגענער פויגל. ווי אַ שאָל האָט זיך אויפגעשיילט די פאַר־עלטערטקייט און טרויער, כ׳האָב דערזען די אַמאָליקע מיראַ.

— דו האָסט דאָך שטודירט מעדיצין?

— נישט באַוויזן... ווער ביסטו?

כ׳זאָג איר מיין מיידלשן נאָמען. מיר קוקן זיך אָן. זי האָט זיך גע־ווישט די טרערן. אויך איך האָב דערפילט ווי טרערן קייקלען זיך איבער מיין פּנים.

— דיינע קינדער, מיראַ?

— מיינע קינדער?... זיי זענען ווייט, כ׳וועל זיי נישט זען מער...

— ווייט?

— כ׳האָב נישט קיין קינדער.

— קינדערלאָז? — כ׳האָב זיך פאַרוווּנדערט און באַדויערט באַלד מיינע פראַגעס, געפילט אַז כ׳האָב איר ווי געטון. זי האָט ווידער פאַר־מאַכט אירע אויגן און געשוויגן טרויעריק.

— אַזוי פיל זכרונות רופט אַרויס אונדזער באַגעגעניש, אַזוי פּלוצ־לינג — האָב איך געפּרוווט פאַרענדיקן אונדזער געשפּרעך. — אפשר ווילסטו זיך איצט אויסרוען? כ׳וועל קומען שפּעטער.

---

זי האָט מיט הסכמה געשאָקלט מיטן קאָפּ, כ׳בין האַסטיק אַרויס.

מיראַן האָט מען מיידלוויז געקענט נישט בלויז אין איר שטעטל, אויך אין אַלע שטעטלעך אַרום. מ׳האָט געזאָגט אַז זי איז אַן עילוי. זי האָט נישט געהערט צו די מיוחסדיקע שיכטן אין שטעטל, זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ שמש, אָבער דאָס שטעטל האָט זיך געגרויסט מיט איר, געווען אַ זכיה צו פאַרברענגען מיט איר. זי האָט עקסטערן פאַרענדיקט אַ גימנאַזיע, זיך געגרייט שטודירן מעדיצין. „אַ מיידל מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און אַן אייזערנעם ווילן" — אַזוי האָט מען זי געלויבט אין שטעטל. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ בחור וואָס פלעגט געבן פּריוואַטע לעקציעס. איך געדענק, אַז מען פלעגט דאַן זיך וווּנדערן: — „ווי קומט ער צו איר? אַ מיטל־מעסיקער און אומסימפּאַטישער, דערצו פיל עלטער פאַר איר"...

דאָס לעצטע מאָל וואָס כ׳האָב זי געזען און גערעדט מיט איר, איז זי געווען שוואַנגער, אין די היוכע חדשים. איצט איז זי קינדערלאָז, נישט אַנדערש נאָר זי האָט אַדורכגעמאַכט די מלחמה, פאַרלוירן אַ קינד, און אפשר מער קינדער. אַן אומרויִקע האָב איך שפּעטער אַנגעקלאַפּט אין איר טיר.

זי האָט מיך באַגעגנט מיט אַ מעלאַנכאָלישן שמייכל, אַ ביסל פאַר־שעמט.

— קום אַריין, כ׳בין אַזוי גליקלעך וואָס כ׳האָב דיך באַגעגנט, אַ פרייד פאַר מיר דיך צו האָבן אַזוי נאָנט, די פרייד גיט מיר צו כוח.

—כ׳ווייס נישט צי כ׳בין אַזאַ גרויסע מציאה.

אַנשטאָט אַן ענטפער האָב איך באַקומען אַ וואַרעמען דריק אין האַנט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן פאַר אונדז. מיין מאַן און מיין טאָכטער האָבן באַוווּנדערט ווי אינטערעסאַנט עס איז צו רעדן מיט מיראַן; זי האָט אויסגעזען צאַרט און יינגער פון אירע יאָרן.

מיר האָבן זי אָפט פאַרבעטן צו אונדז אויף טיי, צום בייזן וווּנדער פון די איבעריקע שכנים, וועלכע האָבן שוין אויך אונדז אָנגעהויבן אויס־מיידן.

אין מיין קאָפּ האָבן נאָך אַלץ געשטעקט די רכילות פון די שכנים וועגן טויט פון מיראַס מאַן. כ׳האָב געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו בלייבן מיט איר אַליין, צו פרעגן זי וועגן איר לעבן, ווייל די מלחמה האָבן זיי נישט אַדורכגעמאַכט. ווי זי האָט מיר געזאָגט, זענען זיי געקומען אַהער פאַר דער מלחמה.

— געדענקסט, וואָס זיי האָבן געזאָגט וועגן מיראַן? — האָב איך איין מאָל, ווען מיר האָבן גערעדט וועגן מיראַן, געזאָגט צו מיין מאַן.

— פון ווייס מאַכן זיי שוואַרץ, פון שוואַרץ ווייס — האָט ער זיך צעלאַכט.

כ׳האָב זיך דערפרייט מיט זיין גוטער מיינונג וועגן מיין פריינדין, דאָך האָב איך געוואָלט וויסן, פאַר וואָס זי האָט נישט קיין קינדער. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט אין אַ קורצער צייט אַרום.

אין איינעם אַ טאָג האָט זי מיך פאַרבעטן צו זיך. זי איז געווען אויפגעלייגט. אויך אין צימער איז קענטיק געווען איר גוטע שטימונג: פרישע בלומען און אַ שיין געגרייטער טיש. מיר האָבן זיך געמיטלעך אַוועקגעזעצט און מיראַ האָט אָנגעהויבן:

— כ׳ווייס אַז דו ווילסט וויסן וועגן מיין לעבן.

— פון וואַנען ווייסטו עס?

— כ׳האָב עס אַרויסגעפילט.

— כ׳דערמאָן מיך ווען מיר האָבן זיך געזען דאָס לעצטע מאָל אין פוילן.

— יאָ, איך אויך, כ׳האָב דעמאָלט געוואַרט אויף אַ קינד...

כ׳האָב געשוויגן, זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און ווען זי האָט מיך ווידער אָנגעקוקט האָט זיך אין אירע אויגן אָפּגעשפּיגלט אַ מוראדיקער ווייטיק.

— כ׳וועל דיר אַלץ דערציילן, עס שטיקט מיך מיין שווייגן, דיר וועל איך דערציילן.

— מיראַ, די פּעיִקע, די קלוגע — האָב איך, ווי פאַר זיך אַרויסגערעדט.

— יאָ, פאַר אַזאַ האָט מען מיך געהאַלטן. וויפל מאָל האָב איך געהאַט חשק אַראָפּצוּוואַרפן דעם עול פון זיין בעסער און קליגער... מ׳האָט מיר איינגערעדט אַז כ׳פאַרשטיי אַלץ, דערפאַר האָב איך געמוזט אָפּטרעטן מיינע עלטערע ברידער. „דו ביסט דאָך קליגער פון זיי״ — פלעגן מיינע עלטערן זאָגן. אין פאַלקסשול האָט מיין לערער מיר נישט מוחל געווען אַפילו איין פעלער און פלעגט אַ מאָל געשען, האָבן מיינע מיטשילערס געיובלט פאַר פרייד. אין שטעטל האָט מען מיר אַ מאָל געגעבן לייענען כינעזישע שריפט, זיכער זייענדיק אַז כ׳קען כינעזיש. קיין שוואַכקייט האָט מען מיר אויך נישט פאַרגונען, תמיד איז געשטאַנען איבער מיר אַן אומזעעוודיקער שומר, נישט געלאָזט ניכשל ווערן. מ׳האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ שטאַרקע און מיך האָבן געפּלאָגט ספיקות און די מורא אַז כ׳וועל גאָרנישט דערגרייכן. איז עס געווען אַ פאַרגעפּיל?

כ׳האָב באַדויערט וואָס כ׳האָב בלויז איין קאָפּ און צוויי אויגן, גע־וואָלט האָבן הונדערט — אַזוי גרויס איז געווען מיין דאָרשט נאָך וויסן. מיינע עלטערן האָבן נישט געקענט פאַרליידן וואָס כ׳בין „באַגראָבן" אין די ביכער. כ׳האָב זיך איינגעשולט צו בלייבן קאַלט צו זייערע טענות, דאָך האָט איגעווייניק געאַרט, איבערגעלאָזט אַ ביטערן טעם, אָבער ס׳מייניקע האָב איך אויסגעפירט.

— האָבן ספיקות איז נאַטירלעך, אָבער טראַך דעם וואָס אין שטעטל איז נישט געווען קיין גימנאַזיע, האָסטו באַוויזן אַליין אַדורכצומאַכן דעם גאַנצן לימוד.

— נישט יעדע פרוי וואָלט פעיִק געווען אַזוי אָפּצופינצטערן אַ לעבן און זיך נישט אָפּטרייסלען דערפון — האָט זי מיר געענטפערט מיט ציטער אין קול. — דער „לערער" — האָט זי פאַרגעזעצט — אַן אויטאָריטעט ביי יונגע מיידלעך, האָט מיר געגעבן אַ לערן־פּראָגראַם, מיר געהאָלפן אין מאַטעמאַטיק. כ׳האָב זיך אפשר פאַרליבט אין אים... ער איז געווען פופצן יאָר עלטער פון מיר, געווען אַ פריוואַטער לערער אין אַ רייכער שטוב. ער האָט מיר צוגעזאָגט מיך נעמען קיין וואַרשע, נאָך אונדזער חתונה, דאָרט שטודירן מעדיצין.

...די גליקלעכע מאָמענטן האָבן לאַנג נישט געדויערט. ווען כ׳האָב זיך געגרייט צו די עקזאַמענס, געפאָדערט ער זאָל אויספירן זיין הבטחה, מיך נעמען קיין וואַרשע, האָט ער געשליידערט מיינע ביכער, געזאָגט אַז כ׳בין אַמביציעז... אַנשטאָט צו זיין בלויז אַ פרוי, אַ מאַמע, אַ בעל־הביתטע, וויל איך גאָר שטודירן...

כ׳האָב אָבער געפילט אַז כ׳מוז עס האָבן. די שטוב האָט געדריקט אויף מיין געמיט, און דאָס שטעטל מיט זיין אויסזיכטלאָזיקייט, און דאָס ערגסטע פון אַלעם: דער שלייער פון מיין איינגערעדטער ליבע האָט זיך אָפּגעטון פון מיר, און כ׳האָב דערזען אַ פּשוט מענטשעלע, אָן אַמביציעס. דערנאָך די שוואַנגערשאַפט. זי האָט מיך אָנגעפילט מיט פרייד און דער־וואַרטונג. געווען איז עס אין אַכטן מאָנאַט. מיר האָבן זיך צעווערטלט. ווי גאַל זענען זיינע ווערטער געווען... מיך געשמיסן אין פּנים אַריין:

אַנשטאָט צו זיין באַרמאַל, ווי יעדע פרוי, וויל איך גאָר זיין אַנדערש...
ער דאַרף עס נישט... מיט האַרבע ווערטער האָט ער זיך איזדעקעוועט איבער מיר, געטראָטן מיט פיס... צום סוף האָט ער מיר פאָרגעוואָרפן, אַז כ׳בין נישט פעיִק צו זיין אַ מאַמע... פון וואַנען אַזאַ שינאה? — האָב איך געוואָלט פאַרשטיין, דערפילט אַ פיינטלעכע פרעמדע וואַנט קעגן מיר.
ווען ער האָט אָנגעהויבן ווילד שרייען, האָב איך זיך פאַרשטאָפּט די אויערן און אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. מיט הינטערוועגן, איבער די באַנ־רעלסן געלאָפן צום וואַלד, דאָרט ווו כ׳האָב מיינע יוגנט־חלומות געשפּינט, געלעגן מיט אַ בוך — איצט איז מיר דער וואַלד געווען קאַלט און פרעמד. כ׳בין געפאַלן איבער אַן אָפּגעהאַקטן בוים... די פינצטערניש איז אָנגעקומען, אַ פחד האָט מיך באַהערשט. כ׳האָב זיך אויפגעהויבן, נישט געפונען דעם וועג אויף צוריק, געלאָפן און כסדר געפאַלן... כ׳האָב דערפילט ווייטיקן אין בויך. די זאָרג פאַרן קינד האָט מיר געגעבן כוח צו באַהערשן דעם פחד. כ׳האָב זיך דערמאָנט: ס׳איז דאָך זומער, פאַראַן שפּאַצירנדיקע אין דער געגנט. מ׳דאַרף רופן נאָך הילף, שרייען... מיין ווידערקול האָט זיך צוריקגעקערט צו מיר מיט פחד... אַ שווייס האָט מיך באַדעקט. גאָט — האָב איך געבעטן — העלף מיר, צוליב מיין קינד! אומזיסט. אַ פינצ־טערניש איז מיך באַפאַלן און מיך צוגעדריקט צו דער ערד...

ווען מ׳איז איבער מיר געשטאַנען מיט אַ טאַשנלעמפּל, האָב איך זיך באַמיט עפענען די אויגן און נישט געקענט. מיין קינד... מיין קינד... האָב איך זיך געבעטן ביי מיינע רעטערס.

מאָדנע, נאָך אַלעמען, ביים אויפוואַכן, נאָך האַלב־באַוווסטלאָז, בין איך שוין געווען זיכער אַז כ׳האָב פאַרלוירן מיין קינד. ווען כ׳האָב אָנ־געהויבן וויינען, „מיין קינד", האָט דעם דאָקטאָרס שווייגן מיר עס באַ־שטעטיקט.

צוויי מאָנאַט בין איך קראַנק געווען. מער קיין קינדער נישט געקענט געבוירן. וויפל מאָל, אין שלאָפלאָזע נעכט, לעב איך אַלץ ווידער אַדורך.

מיין מאַנס טרייסטווערטער האָבן אָפּגעשווענקט מיין כעס צו אים, אָבער ווי אַ ווילד קרייטעכץ, וואָס מ׳האָט נישט אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל,

איז געזעסן אין מיר אָ צאַרן אויף אים און אויף זיך, אויף אונדז ביידן. נישט געדאַרפט לויפן אין וואַלד אין דעם מצב. אפשר האָט אונדז די געמיינזאַמע „שולד" געהאַלטן געבונדן דערנאָך די אַלע יאָרן?...

זיינע גיפטיקע אויסבראָכן האָבן זיך אָפט איבערגעחזרט, פאַרביטערט אונדזער צוזאַמענלעבן. מיט די יאָרן איז געקומען אַ מחיצה צווישן אונדז. כ'האָב זיך געוואָלט באַפרייען פון אים, האָט ער דווקא דעמאָלט אָנגעהויבן קרענקען. ווי קען מען איבערלאָזן אַ קראַנקן מאַן?

כ'האָב זיך געפילט שלעכט אין שטעטל. פון מיינע לאַנג־יעריקע חלומות האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט. כ'האָב פאַרלוירן דעם אינטערעס צו אַרבעטן און לערנען. צו וואָס? כ'פלעג גיין אין וואַלד, קוקן שטום אויף דיביימער, געזוכט נעסטן, זיי געציילט, געטראַכט: פאַראַן דאָרט אייעלעך, די פייגל וועלן פון זיי אויסברי̇ען קליינע פייגעלעך... ס'האָט מיך געצויגן אַהין, ווו כ'האָב פאַרלוירן מיין קינד.

ביי בוכהאַלטעריע האָב איך געאַרבעט, אויך געלערנט מיט קינדער. ער איז געוואָרן אַ נעבעכל. כ'האָב פאַרשטאַנען אַז ער דאַרף גיין צו אַ פסיכיאַטאָר, אים עס געזאָגט.

— דו ביסט משוגע! — האָט ער געשריגן.

און איך האָב געטראַכט נאָר וועגן באַפרייען זיך פון אים. ביז ס'איז געקומען אַ בריוו פון זיין קרוב מיט אַן אַרויספאָדערונג קיין ארץ־ישראל.

ארץ־ישראל איז דעמאָלט געווען אַ נישט־דערגרייכבאַרער חלום פאַר אַ סך יידן, ס'איז אַריין אַ נייער גייסט אין מיר. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן.

אין אָנהויב, אין ארץ־ישראל, זענען מיר געווען באַנייטע, צופרידענע פון אונדזער עליה, אָבער צוליבן קריזיס האָבן זיך אָנגעהויבן עקאָנאָמישע דאגות. מיין מאַן האָט נישט געקענט פיזיש שווער אַרבעטן, אַלס לערער — האָט ער נישט געקענט די שפּראַך. ער איז געוואָרן אַ דחק־אַרבעטער. איך האָב געאַרבעט ביי הויזאַרבעט. ס'איז מיר געווען שווער, כ'בין דע־מאָלט נישט געווען די איינציקע, אַ סך אינטעליגענטע מיידלעך האָבן געאַרבעט ביי הויזאַרבעט.

איך האָב געאַרבעט ביי אַ דאָקטאָר, זיך אָנגעהערט אינטערעסאַנטע געשפּרעכן אין ענגליש. איין מאָל האָב איך געהערט ווי זיי רעדן וועגן מיר, אַז כ׳זע אויס אינטעליגענט און איך טויג צו דער אַרבעט. ס׳איז מיר געפעלן. כ׳האָב זיך געהאַט איינגעלעבט אין מיין ראָלע, ווי אַן אַרטיסטקע.

און אין אונדזער צוזאַמענלעבן?

מיין סיטואַציע האָט אויסגעזען טראַגיקאָמיש. אַן קינדער. ער פופצן יאָר עלטער פון מיר, קרענקלעך. די באַציִונגען אָן ליבשאַפט. איבערלאָזן אים אַ שוואַכן, הילפלאָזן? — כ׳וואָלט סיי ווי גליקלעך נישט געווען. כ׳קוק אויף זיינע פּנים־שטריכן: די אויגן אויסגעלאָשענע, דאָס געלע שמאָלע פּנים זויער, די דינע ליפּן פאַרפּרעסט.

נעבן מיר האָט ער די באַקוועמלעכקייט פון קענען זיצן שעהן מיט אַ פאַרכמאַרעט און ברוגז פּנים, פון האָבן אַ ריין בעט, אַ געשמאַק עסן. ער קען אויסלאָזן דעם כּעס צו מיר צוליב זיינע פּערזענלעכע דורכפאַלן, אָדער אויסציִען זיך אויפן פאָטעל און גענעצן. פלעגט זיך ביי אים אָפּ־רופן דער סעקסועלער הונגער — האָט ער מיך געוואָלט צערטלען. געווען זענען עס בלאַסע, אַנעמישע באַציִונגען.

צוויי פרעמדע וואָס האָבן זיך אָפט געקריגט, אָפט געהאַסט, און דאָך זענען מיר געווען געבונדן. די געמיינזאַם אַדורכגעלעבטע צרות? די שותפות אין דער שולד?

כ׳האָב געוואָלט ענדערן מיין לעבן און נישט געקאָנט. געהאָפט — אפשר מאָרגן, מאָרגן וועט זיין אַנדערש. אַזוי יעדן טאָג. און דער טאָג שטאַרבט אָפּ צוזאַמען מיט דער דערוואַרטונג, די טעג פאַלן ווי בליי.

כ׳האָב געבענקט נאָך ליבע. צייטווייליק פאַרברענגען האָב איך אויס־געמיטן. כ׳האָב מיר אויסגעזוכט אַנדערע עמאָציעס: טעאַטער, קאָנצערטן, געשפּייזט זיך מיט ברעקלעך, ווען כ׳האָב נישט געוואָלט גיין תמיד מיטן זעלבן וועג, סיי ווי האָט זיך אַלץ איבערגעחזרט.

דער קריזיס איז אַדורך מיט די יאָרן. כ׳ווייס אַז די פלאָגעניש פון די פאַרלאָפענע יאָרן איז געווען מיין אייגענער באַשאַף. די עלטער וועט

דאָס איבעריקע איינשטילן. טייל מאָל איז מיר געווען דערווידער די אַרבעט און די סביבה אין וועלכער כ׳האָב זיך געפונען.

מיטן שיין פון טאָג ווערן אַלע טראַכטענישן צעשוומען, מען מוז אויפשטיין צו דער אַרבעט, אויסגלייכן די פּלייצע, ווי אַ יעזש זיין שטע־כיקע פּעל קעגן זיך און קעגן דרויסן. מען האָט מיך געזען אַ לעבנס־לוסטיקע, אַ גליקלעכע, אָן זאָרג...

„מ׳זעט אַז דו נעמסט דיר נישט פון קיין זאַך צום האַרצן.״ — האָט מען מיר געזאָגט. אין דער לעצטער צייט האָב איך געפילט אַ מידקייט, אָן חשק, אויטאָמאַטיש געטאָן מיין אַרבעט.

אין אַ פרייַען באַגינען האָט מיך מיין מאַן אויפגעוועקט, מיר געזאָגט אַז ער איז נישט בכוח אויפצושטיין צו דער אַרבעט. — זינט אַ קורצער צייט האָט ער געאַרבעט עטלעכע שעה אין טאָג.

„שוין ווידער ?... לאַנג האָסטו געאַרבעט... כ׳בין אויך נישט בכוח אויפצושטיין, אָבער איך מוז,״ — האָב איך אים געענטפערט. כאָטש עס איז געווען צו פרי, בין איך האַסטיק אַרויס פון בעט, געשליידערט, געוואָרפן אַלץ וואָס מיר איז געקומען אונטערן האַנט. דאָס הינטל האָט זיך אָפּגערופן, אַנגעהויבן בילן, כ׳האָב עס אַרויסגעיאָגט מיט אַ געבייזער.

„דו גלייבסט מיר נישט ? גוט. כ׳וועל גיין צו דער אַרבעט. כ׳זאָל אַפילו פאַלן און שטאַרבן,״ — האָט ער געשריַען.

ער איז אַרויס פון בעט. געל, קרענקלעך, כ׳האָב באַקומען חרטה. בשעתן אָנטאָן זיך האָט ער גערעדט אָפּגעהאַקט:

„הלוואַי זאָלסטו שוין אין גיכן מיך פּטרן, כ׳ווייס אַז ס׳האַרץ איז מיר קראַנק. איידער אַזאַ לעבן... נישט בכוח צו לעבן צוזאַמען און נישט בכוח זיך צו שיידן. געדאַרפט פון לאַנג זיך שיידן. ביידע האָבן מיר עס נישט געקענט טון. עס וועט שוין אַליין קומען...״

אין זיין קול איז געווען פאַרהאַרטעוועטער ווייטיק. דאָס ערשטע מאָל ווי ער האָט עס געזאָגט. כ׳האָב דערפילט אין זיינע ווערטער דעם אמת. כ׳האָב געזען אַז ער איז קראַנק, האָב איך אים באַרויִקט:

„אַז דו ביסט קראַנק, גיי אין קופּת־חולים, נישט צו דער אַרבעט.״ אָבער ער האָט מיך נאָך שאַרפער אָנגעגריפן:

„זע נאָר דעם מלאך... עס עקלט מיך פון דיין צעקראָכענער גוטסקייט און געטרייקייט. דו רעדסט דיר איין, אַז דו ביסט אַ שטאַרקע, אַן אויס־טויגערין. דו האָסט זיך אויסגעטויגט צו שאַפן אַ פאַרפּעסטעט לעבן, אַ פינצטערע אַטמאָספער. שטעלט זיך אָן פאַר אַ שטאַרקע, און איז צעקראָכן, אפילו נישט געווען בכוח מיך צו פאַרראַטן מיט אַן אַנדער מאַנצביל...״

„דאָס האָסט דו, מיט דיין כסדרדיקן באַקלאָגן זיך און אונטער־קרעכצן געשאַפן אַ פינצטערע שטימונג אין שטוב!״ — האָב איך אים דערווידערט.

„אין אַלץ ביסט דו שולדיק, אין אַלץ, פון יעדער פליג מאַכסטו זיך אַ העלפאַנד. דאָס האָסט דו צעבראָכן מיך און זיך. די קוקסט אויף מיר ווי איך וואָלט געווען דער שולדיקער, זאָל דיך שוין איין מאָל נעמען דער טייוול, דו, דו ביסט מיר נימאס!״ — ער איז אַרויס מיט אַ זעץ מיט דער טיר.

כ׳האָב זיך דערפילט ווי אַן אָפּגעשמיסענע, ווי אַ גזר־דין זענען זיינע ווערטער געווען פאַר מיר. כ׳האָב נאָר זיך געזען און מיינע זאָרג פאַר אים און נישט געוווסט זיינע אינערלעכע שפּירונגען. ער האָט געשוויגן און איך בין נישט געווען מסוגל אַריינצודרינגען אין זיין נשמה. ער איז געווען פאַר מיר ווי אַן אָביעקט פאַר מיינע זאָרג. אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום מיינע דורכפאַלן.

יענעם טאָג בין איך נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, געוואָלט בלייבן מיט זיך אַליין, אַלץ קלאָר מאַכן איבער אַ נייס.

כ׳בין אַוועק הינטער דער שטאָט. געטעמט די גוטסקייט פון צע־שיינטן פרימאָרגן. ס׳האָט זיך מיר דערמאָנט מיין אַנטלויפן אין וואַלד מיט יאָרן צוריק. דעמאָלט איז אין מיר געווען אַ שטורעם, איצט — אַן אויסגעליידיקטקייט, ווי כ׳וואָלט געווען אויף אַ בית־הקברות.

אין קאָפּ האָט געעקבערט: דו ביסט פונקט אַזוי שולדיק ווי ער אין דיין צעבראָכן צוזאַמענלעבן און געוואָרפן די שולד אויף אים. איצט, ווען

ס׳גאַנצע לעבן איז שוין הינטער אונדז, האָט ער עס געדאַרפט מיר וואַרפן אין פּנים אַריין?

די זון האָט אָנגעהויבן ברענען. מיין מויל האָט געטריקנט. כ׳בין צוריקגעפאָרן אַהיים. ער איז געווען אין שטוב, געלעגן אויף דער סאָפע. דאָס הינטל האָט מיך באַגעגנט מיט שׂימחה. כ׳האָב באַמערקט מיין מאַנס פאַרווונדערטן בליק אויף מיר. באַלד האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט.

כ׳האָב אים גערופן צום טיש.

ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט זיין דערשלאָגענעם בליק, פול מיט שׂינאה, און מיר נישט געענטפערט. ער האָט געעטעמט שוואַך, געווען בלאַס, זיך ווידער אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. דאָס עסן איז געבליבן אויפן טיש. מיין שטאָלץ האָט מיך געצווונגען צו שווייגן.

נאָך עטלעכע טעג פון ברוגז האָבן מיר ווידער, ווי תּמיד, אָנגעהויבן רעדן. מיר האָבן גערעדט אין דער פּוסטקייט אַריין. אין גאַנצן צו שווייגן איז שווער פאַר צוויי איינזאַמע מענטשן. כ׳בין געוואָרן רויִקער, געטראַכט: שוין שפּעט צו פאַרריכטן די גרייזן, מען דאַרף זוכן אַ וועג פאַר אַ בעסער צוזאַמענלעבן.

מיינע שפּירונגען האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן דעם לאָגישן באַשייד. דאָס האַרץ איז געבליבן קאַלט.

בערך אין אַ מאָנאַט אַרום נאָך דער געשעעניש, ווען כ׳בין אַהיימ־געקומען פון דער אַרבעט, האָט מיך דאָס הינטל באַגעגנט מיט אַ מוראדיק וויִען. ער האָט מיך געפירט אין שלאָפצימער, צום בעט ווו ס׳איז געלעגן מיין מאַן. כ׳האָב באַלד דערזען זיין פאַרשטאַרטן בליק אויף דעם וואַקס־געלן פּנים. אַ פּחד האָט מיך אַרומגענומען, כ׳האָב אָנגעהויבן שרייען...

...דערנאָך, אויפן בית־הקברות, אַנשטאָט צו וויינען האָב איך זיך גאָר צוגעקוקט צו פרעמדע לוויות: אַ פרוי גייט נאָך נאָך אַן עגלה, זי גייט קוים, וואַקלט זיך, מ׳האַלט זי אונטער ביידע אָרעמס, די אויגן אירע פאַר־מאַכט — זי ליידט שטאַרק, זי האָט אים ליב געהאַט — טראַכט איך. כ׳בין איר מקנא... כ׳האָב זיך צוגעהערט צום געוויין פון אַנדערע — דאָרט

איז דער טויט געווען אַן אומאָפּשיידלעכער המשך פונעם לעבן... און ביי מיר — האָב איך געטראַכט — איז מיט זיין טויט מיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט צערונען ווי אַ זייפנבלאָז, ווי נישט געווען.

נישט איין מאָל געטראַכט: „ווי ווער איך פון אים פּטור, ווי ווער איך פריי פון אים, הלוואי וואָלט איך אים געטראָפן אַ טויטן". און איצט איז אויך אָט דער איינציקער אָנהאַלט אין לעבן... צערונען...

...כ'בין צוריק אין שטוב. שכנים, באַקאַנטע, קומען, מ'קוקט אויף מיר נייגעריק. זיי האָבן דערוואַרט חלשות־סצענעס. כ'זע אויף זייערע פּנימער, אַז מיין טראַגעדיע וואָלט געקענט זיין פאַר זיי אַ וואַזשנע מציאה, וואָלט זיי צערודערט ווי אַ שאַרפע משקה, כ'וואָלט דערפאַר באַקומען אַ זיפץ, אַ קרעכץ. זיי זענען אַנטוישט, זיי האָבן נישט וועמען צו טרייסטן...

מיין הינטל ליגט טרויעריק, בילט נישט, כ'גלעט זיין ברוין־ווייסע פעל, כ'וויל אים טרייסטן, ער קוקט אויף מיר מיט געטריישאַפט, און איך אויף אים... דעם ערשטן אָוונט אַליין. איך עפן אויף דאָס פענצטער, די לעצטע זונשטראַלן פון טאָג דרינגען אַריין אין מיין קאַלטער פוסטקייט. ווי גענאַרט מען די פוסטקייט? מ'האָט מיך דאָך מיין גאַנץ לעבן געהאַלטן פאַר אַ שטאַרקע, איז עס געווען נאַר אַן אָנשטעל? גענאַרט זיך און גענאַרט אַנדערע?

זינט כ'בין געבליבן אַליין פיל איך זיך אַ פאַרמאַטערטע, כאָטש נישט מיט קיין אַוואַנטורעס און פאַרראַט איז אַדורכגעפלאָכטן מיין לעבן. כ'האָב נישט געזוכט קיין לייכטע פאַרגעניגנס. אפשר וועסטו זאָגן אַז כ'בין געווען אַ נאַר... ניין, כ'בין געווען געטריי זיך, מיין נאַטור.

מיראַ איז אַנטשוויגן געוואָרן, איר פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט.

— דו וועסט נאָך באַווייזן אויפצושטעלן אַ ניי לעבן — האָב איך סתם געזאָגט, כדי זי צו טרייסטן.

— יאָ, כ'וועל זיך שטאַרקן מיטן אַרויפנעמען אויף זיך אַן עול פון אַרבעט.

— דו דאַרפסט פריִער שטאַרקן דיין געזונט, איצט האָסטו אונדז, מיר וועלן דיר העלפן.

— געפונען אַ פריינדין, כ׳וואָלט דיך וועלן האָבן נאָנט צו זיך, אָבער כ׳קען דאָ נישט בלייבן.

— זיי רויִק, דו ביסט מיר ווי אַ שוועסטער, מיר וועלן זיך אָפט טרעפן — האָב איך זי באַרויִקט.

אַ טאָג שפּעטער האָט מיר מיראַ דערציילט:

— כ׳האָב געוואָלט איינעטעמען פרישע לופט. אַראָפּ אין דרויסן. די שכנים שטייען אין אַ בינטל, מען שמועסט. ווען זיי דערזעען מיך, ווערט שטיל, מ׳קוקט זיך איבער. מען ענטפערט מיר אויף מיין גרוס אָן חשק. מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט? אַז כ׳דערמאָן זיך אַז כ׳האָב שוין נישט דאָס הינטל, ווערט מיר לייכטער אויפן האַרצן. כ׳בין אָבער אַ געזעלשאַפטלעך באַשעפעניש, איז מיר פריקרע, און גאָר שלעכט — ווייל כ׳קען נישט לעבן אָן מענטשן.

— אויך אויף מיר קוקט מען אַזוי. אויך איך האָב זיי אַנטוישט. בלית־ברירה נעם איך עס אויף מיט שטאָלץ.

*

דער לאָסטאויטאָ מיט מיראַס זאַכן דערווייטערט זיך. זי זיצט פאָרנט, נעבן שאָפער, און שיקט מיר אַ לעצטן זיי־געזונט מיט אַ האַנטבאַוועג דורך דער אָפענער שויב. און פונקט ווי אין טאָג פון מיין אַהערקומען, איז אויך היינט אַ הייסער חמסין. כ׳גיי צוריק צו מיין וווינונג, גיי פּאַמעלעך, קעגן ווינט. כ׳זע ווי פון אַ פענצטער קוקט אַרויס אַ פירקאַנטיק פּנים. כ׳גלייך זיך אויס, דריי אַוועק מיין פּנים, אַז מ׳זאָל נישט זען מיינע טרערן, צוליבן זאַמד, וואָס דער ווינט האָט אַריינגעשליידערט אין מיינע אויגן...

# דער פּאָעט און די ציג

לעאָן שוועבט דאָ אַרום אין דעם ראַזיר־אַנשטאַלט ווי אַ באַפּליגלטער, צווישן די ריחות פון פּאַרפומען און שמירעכצן און די פלאַמיקע בליקן פון די מיידלעך. ער פילט זיך דאָ ווי אַ בן־מלך. ער דאַרף נאָר אויס־שטרעקן די אָרעמס, פאַלן די מיידלעך אַריין אין זיי, ווי פליגן אין האָניק: אַלע — פון דער שוואַרץ־חנעוודיקער בעלאַ, ביז דער יונגער בלאָנדער און צאַרטער חנהן. אַפילו די אייגנטימערין פון אַנשטאַלט פאַרקוקט זיך אָפּט אויף זיין הויכער, גראַציעזער געשטאַלט, אויף זיין צעפּאַלדעוועטער שוואַרצער טשופּרינע און די גרויסע סאַמעטענע אויגן, וואָס זענען תמיד פאַרחלומט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּאָעט.

אַלע ווייסן אַז ער שרייבט שירים. ער לייענט זיינע לידער פאַר די מיידלעך, ווען עס זענען נישטאָ קיין קליענטן. די מיידלעך זיפצן ביי די שטעלן ווו ער דריקט אויס זיין שטאַרקע בענקשאַפט צו זיין אויס־דערוויילטער, וואָס וועט זיך פאַר אים אַנטפּלעקן... טייל מאָל קוקן זיי זיך איבער, די מיידלעך, און כיכיקען, אָבער זיי ווייסן, אַז לעאָן איז אַן ערנסטער, פיין דערצויגענער בחור און האָט גאָלדענע הענט צו דער אַרבעט.

אָבער לעאָן בענקט נאָך עמעצן וואָס זאָל אים פאַרשטיין... ער האַלט אַז די מיידלעך פון ראַזיר־אַנשטאַלט זענען צו פלאַך פאַר אים... ער וואַרט עס זאָל זיך באַוויזן פאַר אים פּונקט אַזאַ בענקענדיקע און פּאָעטישע נשמה, ווי ער איז, און וועט אויסרופן:

„אָ, דאָס ביסט דו, מיין אויסגעחלומטער! נעם מיך, פיר מיך אַוועק וויט, וויט פון דעם טאָג־טעגלעכען און קליינלעכן מענטשן־געווירבל, אויף די פליגלען פון דיין פּאָעטישער נשמה, דאָרט ווו אַלץ איז בלויז שיינקייט און דערהויבנקייט, צווישן שטערן און לבנה, איך און דו!..."

די מיידלעך פון ראַזיר־אַנשטאַלט, יעדע פון זיי, וואָלט אַרויס צו אים

מיט אָט די ווערטער, זיי צווייפלען אָבער אין זייער דערפּאָלג. וואַרטן זיי דעריבער אויף זיין ווונק...

אין דעם בחורישן צימערל ווו ער וווינט און ווו עס ווערן געבוירן זיינע שירים, דרינגט אַריין דער רעש און געפּילדער פון דעם נישט־לירישן, וואַכיקן אַרום, אָבער לעאָנען אַרט עס נישט. פון איבערן וואַנט, פון זיינע באַלעבאַטימס הויז, דערטראָגן זיך אָפּט די קולות פון אַ ווילדן שילטן זיך. אויך דאָס אַרט אים נישט, ער הערט זיך אַפילו נישט צו דעם. אָבער ווען זיין באַלעבאָס, אַ קליין געפּאַקט, ענערגיש מענטשעלע, הייבט אָן זינגען, ווערט שוין יעקב כולו־שמיעה, און דאָס האַרץ צעגייט... אָט דאַן אַרט אים שוין, ווען דעם באַלעבאָס׳ ווייב — אַ הויכע יידענע מיט אַרויסשטאַרטשענדיקע אויגן און ברייטע נאָזלעכער, ווי ביי אַ צעבריקע־ווער פערד — פאַלט אַריין מיט אירע זילדערייען, אָדער די טאָכטער — אַ מויד מיט ברייטע קליבעס, דיקע פיס און אַ פּנים: בלוט און מילך — הייבט ווידער אָן דערציילן (צום טויזנטסטן מאָל) פון אַ בחור וואָס לויפט איר נאָך:

— טאַטע, אַזוי זאָלן מיר אַלע אַזוי לעבן ווי ער איז אַ דאָקטער, ער קריגט די כפּרה פאַר מיר!

— ברענג אים אין שטוב, כ׳וועל אים קויפן אַ זייגער — ענטפערט דער טאַטע, איבעררייסנדיק דאָס זינגען.

— צירעלע, אַז דו גייסט מיט אים שפּאַצירן, קענסטו דיר אָנטאָן מיין זילבערנעם פוקס — מישט זיך שוין די מאַמע אַריין.

— הערסט, טאַטע, מען דאַרף זיך גרייטן... דער זיידע איז מיר גע־קומען צו חלום, מיר געזאָגט מזל־טוב! — שרייט שוין ווידער די טאָכטער און שטערט לעאָנען זיך צו קוויקן מיט איר טאַטנס זמירות.

אויסער לעאָנען וווינען אין דעם הויף אויף דעם בעל־הביתס קרובים: צוויי ברידער און אַ שוועסטער מיט דעם נאָמען יענטע. מען זאָגט אויף איר, אויף דער שוועסטער, אַז זי איז נישט דערבאַקן. אפשר צוליב די לאַנגע געלע ציין וואָס קריכן איר אַרויס ביז איבער דער גאָמבע און די

גרויסע אַרויסשטאַרטשענדיקע אויגן, וואָס קוקן אויף אַלעמען גלייכגיל־טיק — אויף אַלעמען, אויסער אויף לעאָנען.

לעאָן האָט וועגן דעם נישט געוווּסט, ביז אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זי זיך אַריינגעשטעלט ביי אים אין צימער׳ל, אַן אויסגעפּוצטע אין אַ רויטער, געבלימלטער בלוזקע און זיך צעשמייכלט מיט אַ ברייט־צעעפנט מויל...

— וואָס ווילסטו, יענטע? — האָט איר לעאָן געפרעגט.

— גאָרנישט! כי־כי־כי! — איז געווען איר ענטפער.

— ווילסט אַ זשורנאַל, יענטע? — האָט לעאָן געפּרוּווט פּטור ווערן פון איר.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם זשורנאַל און גענומען בלעטערן גיך, אומ־געלומפּערט, פאַרהאַלטנדיק זיך בלויז ביי די זייטלעך מיט אילוסטראַציעס. לעאָן האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו איר און זי אַרויסגעבעטן, ווען זי האָט פאַרענדיקט בלעטערן דעם זשורנאַל:

— גיי, גיי, יענטע, אַרויס, לאָז מיך צו רו!

זי פלעגט קומען צו אים אָפט, כאָטש ער האָט זי געטריבן. געבראַכט אים קיכעלעך, אַ גוט מאכל, און אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ געטריי הינטעלע. די שכנים האָבן זיך געווילט אויף זייער חשבון.

איין מאָל, ווען ער איז געלעגן אויף זיין בעטל, ווי שטענדיק, פאַר־זונקען אין די לאַבירינטן פון פּאָעזיע, אָט־אָט, און ער האָט שוין די בייטיקע שורה, דעם גראַם — האָט זי שטיל געעפנט די טיר, זיך אַריינ־געשאַרט אין דעם האַלב־טונקעלן צימער און זיך צוגעזעצט לעבן אים אויפן בעט.

— דו זעסט גאָר נישט ווי ריין איך מאַך דיר יעדן טאָג דיין צימער? זאָגסט מיר גאָרנישט?

— טאַקע, טאַקע, דו טוסט עס? כ׳וועל דיר ברענגען דערפאַר אַ פלעשל פּאַרפום, — האָט איר לעאָן געענטפערט, אַ צעטומלטער פון דער אומ־געריכטער אַנטפּלעקונג.

— דו ביסט דער שענסטער, קיינער איז נישט אַזוי שיין און גוט

ווי דו. רעדסט גוט צו מיר, לאַכסט נישט פון מיר. ביסט שענער אַפילו פון צירעלעס חתן, פון אַלע חתנים אויף דער וועלט...

— אַזוי גאָר ? — האָט לעאָן געשמייכלט צו איר, ווי צו אַ קינד וואָס זאָגט אַ חכמה.

זי האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און לעאָן האָט זי נישט אַוועק־געשטויסן. מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט נאָענט, גאָר נאָענט לעבן זיך אַ הייס פרויען־לייב... דאָס בלוט האָט אים גענומען זידן און ער האָט זי אַ ציי געטאָן צו זיך אויפן בעטל...

*

זינט יענעם אָוונט האָט לעאָן אָנגעהויבן פאַרשליסן די טיר. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן אירע מאָנענדיקע בליקן, אירע צודרינגלעכע רייד :

— לעאָן, לעאָן, עפן אַ ווײַלע, אויף אַ ווײַלע בלויז !

צוליב מורא, די שכנים זאָלן זי נישט דערזען ביי זיין טיר, פלעגט ער דורך אַ שפּעלטל אין דער עטוואָס געעפנטער טיר אַרויסשעפּטשען מיט אַ פאַרשטיקטן כעס :

— וואָס טשעפּעסטע זיך צו מיר ? גיי, גיי און קום נישט מער, לאָז מיך צו רו !

— לעאָן, לאָז מיך אַריין, בלויז קוקן אויף דיר...

דאָס מאָל האָט ער זיך דערשראָקן פאַר איר שלוכצן און זי אַרייַנ־גענומען אין צימער. עס האָט אים געשווינדערט פון עקל, באַטראַכטנדיק איר אויסגעקרימט פנים, דערמאָנענדיק זיך יענעם אָוונט...

— דו טרייבסט מיך, שלעכטער... איך וויל זיין מיט דיר, אַ גאַנצן טאָג מיט דיר... איך בענק אַזוי שטאַרק...

— איך דאַרף אַוועקגיין, איך איל זיך ! — ער האָט זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט, צוזאַמען מיט איר אַרויס פון צימער, פאַרשלאָסן די טיר און איז אַוועק. ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָט ער אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן. ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון דעם פאַרשאָלטענעם צימער, פון זיך אַליין...

אין אַ קורצער צייט אַרום, ווען ער האָט געפּאַקט די זאַכן, זיך גע־גרייט צו פאַרלאָזן דעם צימער, האָבן זיך באַוויזן בײדע ברידער יענטעס. אַ קאַלטער שווייס האָט לעאָנען באַגאָסן. פון זייערע רויטע פּנימער און קאַלטע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ דראָענדיקע אומהיימלעכקייט. אָט די אומהיימלעכקייט געדענקט נאָך לעאָן פון פריִער, ווען ער פלעגט זיי, זעלטן ווען, באַגעגענען צופעליק אין הויף און זיך באַמיט זיי אויסצומיידן. איצט זענען זיי געשטאַנען קעגן אים און מיט ווילדן חוזק אין די קאַלטע אויגן, איבערשלאָגנדיק איינער דעם צווייטן, אַרויס מיט לשון:

— וווהין ציט איר זיך אַרויס אַזוי פּלוצעם?

— אַזוי עפּעס אין מיטן דרינען, אָן אַ געזעגענונגס־באַנקעט?

— ער אַנטלויפט ווי פון אַ מגיפה!

— ער פאַרגעסט אין אונדזער יענטען.

— ער קען זיך אַרויסציִען, אָבער צוזאַמען מיט אונדזער טייערער שוועסטער.

— מירן אייך איינאָרדענען אַ פיינע דירה.

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט לעאָן קוים אַרויסגעשטאַמלט.

— וואָס מיר ווילן? דער גאַנצער הויף ווייסט, אַלע שכנים אַרום ווייסן, וואָס איר האָט געטאָן די גאַנצע צייט מיט יענטען...

— אַזוי, אַ? פאַרשעמען אַן אומשולדיקע יתומה?

— מ׳דאַרף שטעלן אַ חופּה! מען דערקענט שוין אויף איר בויך...

לעאָן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, ס׳האָט זיך אים געדאַכט אַז דער דיל אַנטלויפט פון אונטער זיינע פיס און ער פאַלט, פאַלט אין אַ תהום אַריין. און איידער די כוחות האָבן אים פאַרלאָזן, האָט ער קוים אויסגעשריִען:

— איך? איך מיט יענטען? חתונה האָבן? איך?...

— עס שטייט דיר נישט אָן? — זענען ביידע ברידער אים באַפאַלן — זע נאָר דעם ריסטאָקראַט מיטן נאַקעטן הינטן... צו שלאָפן מיט דיר איז זי גוט געווען? וואָס ווילסטו, זי זאָל זיך אַרומשלעפּן מיט דיין ממזר? נישט דערלעבן וועסטו!

— דו וועסט מאַכן אַ לעבן, יאָלד איינער, — איז שוין דער עלטערער

ברודער אַרויס מיט אַ געמיטלעכן טאָן — מירן דיר עפּענען אַ ראַזיר־אַנשטאַלט, ווי כ׳הייס נח, פון דיינע איצטיקע פאַרדינסטן קענסטו ד׳ען מאַכן אַ לעבן?

— זיינע אויסגעמאַלעטע ליאַלקעס, די מיידלעך פון ראַזיר־אַנ־שטאַלט — האָט דער יינגערער צוגעגעבן — זוכן זיך רייכע חתנים, זיי זענען בלויז צו פלירטעוועו...

— כ׳וועל צאָלן, אויב ס׳וועט זיין נייטיק — האָט לעאָן נאָך געפּרוווט זיך ראַטעווען, ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך און כאַפּט זיך אָן פאַר אַ שטרוי.

די ברידער האָבן ווידער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים מיט אַ האָגל פון רייד, איינער נאָך דעם אַנדערן:

— זע נאָר דעם גביר!.. צאָלן וועט ער! מיר דאַרפן נישט דיין געלט. מיר האָבן גענוג געלט. יענטע וועט נישט אַרומגיין צוליב דיר מיט אַ ממזר אויף די הענט, אָן אַ טאַטן. מיט אונדזער געלט וואָלט מען פאַר איר געקענט געפינען אַ בעסערן שידוך, נישט אַזאַ פּראַנט ווי דו. אָבער זי האָט זיך פאַרכליאָבעט אין דיר, ווײנט — וויל חתונה האָבן! מיר קענען זיך פאַרגינען, נישקשה, געלט איז פאַראַן.

— מיר קענען פאַר איר קריגן אַ נאַש־בראַט, נישט אַזאַ לעמעשקע, וואָס קען אַפילו נישט האַלטן קיין שפּייער אין האַנט — נח האָט אַרויס־גענומען פון קעשענע אַ רעוואָלווער און אַ פּאַכע געטאָן מיט אים לעאָנען אונטער דער נאָז.

— דו מוזסט מיט אונדזער שוועסטער חתונה האָבן, אַנישט מאַכן מיר דיך אָוועק אויף קאַלט, געדענק! טאָמער מיינסטו, אַז דו וועסט פון דאַנען אַנטלויפן, זאָלסטו וויסן, אַז דו וועסט זיך פון אונדזערע הענט נישט אַרויסדרייען! — האָט צוגעגעבן דער יינגערער.

— רויט אָדער טויט! אַז נישט, ווערסטו אַ מת!

— ריכטיק, ריכטיק — האָט זיך אַריינגעמישט דער באַלעבאָס פון הויז, וואָס איז געשטאַנען מיט זיין גאַנצן הויזגעזינד לעבן דער אָפענער טיר און זיך צוגעהערט צו דעם וויכוח.

— ווען נישט, טרעפט אים דער שוואַרץ־יאָר! מיר האָבן געזען וואָס ער האָט אָפּגעטאָן מיט יענטען — האָט צוגעגעבן זיין ווייב.

— אין קורצן וועלן מיר דיר מודיע זיין דעם טאָג פון דער חתונה! — האָט אויסגערופן דער עלטערער, אין אַ טאָן, וואָס האָט באַטייט אַז דער ענין איז געחתמעט. אוןביידע ברידער האָבן פאַרלאָזט לעאָנס צימער.

*

דאָס לעבן איז לעאָנען נימאס געוואָרן. ער וואָלט ערגעץ אַנטלאָפן, אָבער מען היט אים און מען גייט אים נאָך, ווו ער זאָל זיך נישט קערן. און אַז ער דערזעט יענטען, נעמט אים אַרום אַ שוידער. די אַרויסגעקראָכענע ציין, די אויגן, דאָס לאַנגע, אויסגעצויגענע פּנים — דערמאָנען אים אין עפּעס אַ פּירפּיסיקן באַשעפעניש, אָבער ער קען זיך נישט דערמאָנען אין וועלכן. איין מאָל, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אַ גאָרטן, האָט ער דאָרט דערזען שטיין אַ ציג מיט אַ קליין ציגעלע. די ציג האָט זיך רויִק געציפּט דאָס גראָז, בעת דאָס קליינע ציגעלע איז חנעוודיק אַרומגעשפּרונגען און פון צייט צו צייט זיך פאַרקליבן אונטער דער מאַמעס בויך און געצויגן ביי די אייטערס. לעאָן האָט אויפגעציטערט, ווי ער וואָלט דערזען יענטען. טאַקע ענלעך צו יענטען. און דאָס קליינע ציגעלע? — מסתמא וועט אַזוי אויסזען דאָס קינד, זיינס און יענטעס... זינט דעמאָלט, אַז ער פלעגט באַגעגענען יענטען, פלעג די ציג אים קומען פאַר די אויגן, און אַז ער פלעגט דערזען אַ ציג, איז אים יענטע געקומען אויפן געדאַנק...

די בושה האָט אים געפּרעסן. ער האָט זיך געשעמט צו ווייזן פאַר די מיידלעך פון ראַזיר־אַנשטאַלט און איז אַריבער אויף אַן אַנדער אַרבעט־פּלאַץ. זיך נישט געוויזן פאַר דער וועלט, זיך אויסבאַהאַלטן פון זיינע באַקאַנטע, אָבער נישט געפונען אין ערגעץ קיין מנוחה. מאַכן אַ סקאַנדאַל, גיין אין דער פּאָליציי? — ניין, דאָס האָט נישט קיין זין. ער זעט דאָך, אַז זיינע מחותנים זענען גאַנצע שמעלקעס מיט דער פּאָליציי.

— — —

די חתונה האָט מען געפּראַוועט אין הויף. בלויז פּאַר היימישע געסט — דאָס האָט מען נאָכגעגעבן לעאָנען.

לעאָן געדענקט, אַז נאָך דער חתונה האָט מען אים אַריינגעפירט אין אַ צימער ווו ס׳איז געשטאַנען אַ גרויסע בעט, פאַרלייגט מיט די מלבושים פון די געסט. יענטע איז אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט געהאַט אַ ווילדן באַגער, זי אָנכאַפּן פאַר אירע לאַנגע קאָלטנס און אַרויסשליידערן פון חדר. ס׳האָט אים געוואָרגן אין האַלדז און... ער האָט זיך ביטער צעוויינט.

— נישקשה, ס׳איז מזלדיק אַז מ׳וויינט אויף אַ חתונה. ס׳איז אַ גוטער סימן...

עמעצער האָט אים געפּרוווט טרייסטן.

*

יעדן טאָג, ווען לעאָן קומט פון דער אַרבעט, וואַרט שוין יענטע פאַר דער טיר מיטן קינד אויף די הענט. „טיאַ, טיאַ, טיאַ" — ציט זיך צו אים דאָס עופעלע מיט די שוואַרצע, סאַמעטענע אויגן, ווי ביי לעאָנען, — אַ שיין, געראָטן קינד, אָבער לעאָנען דאַכט זיך נאָך אַלץ, אַז אָט איז עס אַ קינד, און אָט איז עס גאָר אַ קליין ציגעלע...

# דאָס שפּילפּייגעלע

אין דעם נייעם דריישטאָקיקן הויז זענען נישט פאַראַן קיין באַלקאָנען, דערפאַר אָבער האָט דאָס הויז אַ געדעקטע טעראַסע, וווּ עס זעצן זיך אויס אין זייערע פרייע שעהען די איינוווינער פון שיכון, מיינסטנס פרויען, ווען זייערע מענער זענען ביי דער אַרבעט.

מען זיצט אויף אַ לאַנגער באַנק, אַנדערע אויף שטולן וואָס מען האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, מען אָטעמט אַריין מיט הנאה די קילע לופט, וואָס די מילדע ווינטלעך דערטראָגן אַהער, און מען אָבסערווירט די פאַרביי־גייערס.

אין דרויסן, צווישן די ליידיקע קאַסטנס, שפּילן זיך די קינדער פון שיכון. לויט די אויפשריפטן אויף די קאַסטנס, זעט מען פון וואַנען עס שטאַמען די עולים, וועלכע האָבן זיך נישט לאַנג אַהער אַריינגעצויגן: רוסלאַנד און דרום־אַמעריקע. זיי זענען געקומען אַהער מיט דער האָפע־נונג, אַז דאָ וועלן זיי געפינען דאָס וואָס ס'האָט זיי געפעלט אין פרעמדע לענדער, צווישן גויים — אַ רויק ייִדיש לעבן... און אַלץ וועט דאָ, פאַר־שטייט זיך, זיין שענער און בעסער ווי ביי די גויים.

די באַציִונגען צווישן די שכנים איז אַ פריינדלעכע, איבער הויפּט צווישן די לאַנדסלייט — מען רעדט צווישן זיך אויף דער לאַנדשפּראַך, מען פאַרשטייט איינער דעם אַנדערן, און מען העלפט זיך אַרויס אין אַ נויט. אַ ניי־אָנגעקומענעם עולה באַגעגנט מען דאָ מיט פריינדשאַפט.

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך אַריינגעצויגן אין דעם שיכון אַ יונג פּאָרל. די שכנים האָבן אויפגענומען דאָס פּאָרל, ווי דער שטייגער, מיט אַ פריינדלעכן שמייכל, און מאַשאַ, די עולה פון רוסלאַנד, האָט זיי גע־פרעגט פון וואַנען זיי קומען.

— מיר האָבן געלעבט עטלעכע יאָר אין אַ קיבוץ — האָבן זיי גע־ענטפערט.

מאַשאַ האָט אָנגעשפּיצט די אויגן און זיך אָפּגערופן:

— אַזוי גאָר? איך ווייס, אַ קיבוץ דאָס איז אַ קאָלכאָז. הם... אין די קאָלכאָזן גנבעט מען, מען שטופּט קודם־כּל צו זיך אין די קעשענעס... דעריבער זענט איר מסתּמא אַוועק...

— ניין, איר האָט אַ טעות, אַ קיבוץ איז נישט קיין קאָלכאָז — האָבן זיך די נייע שכנים צעלאַכט.

— מען ווייסט, דאָרט אין רוסלאַנד זענען עס רוסישע גנבים, און דאָ — יידישע — האָט מאַשאַ נישט נאָכגעלאָזט און פלעגט שוין דאָס יונגע פּאָרל אָנרופן „די קאָלכאָזניקעס". פון דעסטוועגן האָט מאַשאַ אין אַ קורצער צייט אַרויסגעזען אַז די „קאָלכאָזניקעס" זענען אָרנטלעכע מענטשן, האָט זי זיך שוין באַציגן צו זיי מיט מער רעספּעקט. אויך די לאַטיין־אַמעריקאַנער שכנים האָבן באַשטעטיקט, אַז אין די קיבוצים זענען נישט פאַראַן קיין גנבים און מעסערשטעכערס, ווי אין די רוסישע קאָלכאָזן, זיי ווייסן עס, זיי האָבן אַ זון מיט אַ טאָכטער אין אַ קיבוץ.

די פרוי מאָנק איז אַ לאַטיין־אַמעריקאַנערין. אַ מיטל־יעריקע, ווי דער רוב שכנים. זי האָט ליב צו שמועסן פּאָליטיק, און האָט הנאה פון „האָבן טענות": צום לאַנד האָט זי טענות, און צו די מענטשן אין לאַנד האָט זי טענות, און בכלל איז דאָ אַלץ שלעכט.

— די גוים האָבן גוישקע קעפּ — טענהט זי — פירן זיי די וועלט מיטן גוישן שכל. אָבער דאָ, דאָ דאַרף זיין אַנדערשט... דאָ דאַרף מען איינפירן... אַזוי און אַזוי... וווּ איז דער יידישער שכל?

זי קנייטשט דעם שטערן און קוקט בייזלעך אויף אירע מיטשמועסערס, ווען יענע זענען נישט מסכּים מיט איר און דערציילן וועגן די דער־גרייכונגען ביי אונדז אין לאַנד:

— איז דאָס אמת? איך גלייב נישט דעריך.

די שכנות בלייבן איר נישט שולדיק און זיי ענטפערן מיט איראָניע:

— אַוודאי, בלויז ביי אייך אין אַמעריקע איז אַ גן־עדן פאַר יידן...

— רוסלאַנד לאָזט זיך מער הערן! — פאַלט אַריין אין זעלבן טאָן די פרוי מאָנק.

פרידאַ, פון דער אונטערשטער דירה, מיט אַ ראָז קיילעכדיק און שמייכלדיק פּנים, פרוי מאָנקס אַ לאַנדסמאַנקע, דערציילט פאַר די שכנים, אַרבעטנדיק געשווינד מיט די שפּיזלען איבער אַ שטריקעכץ, אַז זי מיט איר מאַן זענען געווען אין יענעם לאַנד געזעלשאַפטלעכע עסקנים, ישראל־פּאַטריאָטן. מישט זיך ווידער אַריין די פרוי מאָנק מיט איר פּיזמון:

— איז דאָס אמת? איך גלייב נישט דערין.

כדי אָפּצוּווענדן די שכנות פון דעם נישט־אָנגענעמען איינדרוק, וואָס איז געבליבן נאָך דער פרוי מאָנקס רייד, האָט פרידאַ אַריבערגעפירט דעם געשפּרעך אויף אַן אַנדער טעמע. זי האָט אָנגעוויזן אויף אַ זעלנער וואָס איז פּונקט אין דער רגע פאַרבייגעגאַנגען:

— דער חייל, זעטס, ער זעט נאָך אויס ווי אַ קינד און האַלט שוין די ביקס אויף זיין אָרעם. נישט נאָר צוליב בירגערלעכע פליכטן, אויך כדי צו פאַרטיידיקן זיין לעבן, אונדזער לעבן!

— אַוודאי, אַוודאי — זענען אַלע מסכים.

ווען די מענער, שוין אויסגערוטע נאָך דער אַרבעט, קומען אַרויס זיך אַוועקזעצן אויף דער טעראַסע, הייבט זיך ערשט אָן דאָס אמתע גע־שפּרעך און די טעמע איז — אַלע טעמעס פון דער וועלט. לעאָן, פרידאָס מאַן, האָט אַ סך גוטע ווערטער פאַרן לאַנד, אָבער אויך טענות:

— יאָ, מען גיט די עולים־חדשים אַלץ, אָבער פאַרן פרייז פון אַ סך אַרומלויפעניש איבער צענדליקער ביוראָען... מיר האָבן מוותר געווען אויף אַ סך באַקוועמלעכקייטן, אַבי צו זיין אין אונדזער אייגן לאַנד, כ׳האָב אויך אַוועקגעגעבן יאָרן פון מי און אַרבעט פאַר ישראל.

— דו האָסט עס געטאָן פאַר זיך. — איז אים אַריין אין די רייד זיין פרוי.

— איז עס דען אמת? איך גלייב נ[illegible] איז דעם — האָט, ווי שטענדיק, די פרוי מאָנק צוגעגעבן אירס, אָבער זי[illegible] מאָל אין דער שטיל, דער דערביי־זיצנדיקער שכנה אויפן אויער.

— אַרומלויפעניש, אַוודאי, אָבער טענות — ניין, קיין טענות האָב

איך נישט — רעדט מאַשאַ מיט היץ — אַז איך דערמאָן זיך דעם לאַגער אין סיביר...

באָריס, מאַשאַס מאַן, האָט שוין פריִער דערציילט די שכנים וועגן זיין אַרעסט און וועגן סיבירער לאַגער.

*

די איינציקע וואָס האָבן זיך נישט באַטייליקט אין די פּאַרנאַכטיקע שמועסן אויף דער טעראַסע זענען געווען די דרום־אַמעריקאַנער, אַ מאַן מיט אַ פרוי, די לעצטע וואָס האָבן זיך אַריינגעצויגן אין דעם שיכון. אפשר דערפאַר און מסתמא אויך צוליב זייער נישט־געוויינטלעכער אויפ־פירונג, האָבן זיי געגעבן די ווייבער שטאָף פאַר רכילות...

ער, אַ שיין־געבויטער מאַנספּאַרשוין מיט אַ קאָפּ העלע, שיטערלעכע האָר, אָבער מאָדערן פּאַרקעמט, מיט באַקנבערד און גראָבע וואָנצעס, און בכלל, זיין גאַנצער געשטעל, אין דעם קראַטן־אַנצוג — עלעגאַנט, ווי אין שויפענצטער אַריינצושטעלן...

זי, אַ ביסעלע נידעריקער פון אים, שיין געבויט, מיט אַ קורץ־געשוירענער פריזור און אַ פּאָר גרויסע ברוינע אויגן און אַן אומעטיקער שמייכל אין זיי. ביידע מיטל־יעריקע.

די שכנים ווייסן שוין, אַז די פרוי שטאַמט פון פּוילן, אַן אָפּגעראַ־טעוועטע פון אוישוויץ, און דער מאַן איז פון אורוגוואַי, פון דאָרטן זענען ביידע געקומען קיין ישראל. ער איז אַ פריזירער. קיין קינדער האָבן זיי נישט, האָדעווען אַ פייגעלע אין אַ שטייג.

קענטיק אַז דאָס פּאָרפאָלק האָט זיך שטאַרק ליב, ווי אָקערשט פון אונטער דער חופה. תמיד גייען זיי געאָרעמט, און אַז זיי שטייען, שטייען זיי צוגעטוליעט איינע צום צווייטן. זי רופט אים צערטלעך אַהרעלע, ער זי — שׂרהלע. יעדן טאָג, איידער אַהרעלע קומט פון ראַזיר־אַנשטאַלט, פּוצט זיך שׂרהלע אויס, פּאַרפומירט זיך אָן, אַזש עס צערייסט די נאָז איבערן גאַנצן קאָרידאָר. דאַן שטעלט זי זיך אַרויס אין דרויסן וואַרטן אויפן מאַן. ווען ער קומט אָן — צעקושן זיי זיך און גייען אַריין אין

שטוב געאָרעמט. זי ציט אים צו גלייך צום שטייגעלע, וואָס הענגט אַקעגן דער טיר, און הייבט אָן רעדן צום פייגעלע:

— שפּילפייגעלע מיינס, פּופּעלע, אוצרל, אַ יאָ, דו האָסט שוין גע־געסן, פּרעסערל, איך זשאַלעווע דיר נישט חלילה, אַ געזונט אין דיר, וועסט אַ סך זינגען פאַר אונדז, אַ יאָ פּופּעלע מיינס? נו, זינג, פּי, פּי, פּי, זינג, פייגעלע מיינס!

דאָס פייגעלע ענטפערט נישט. האָט איצט נישט קיין חשק צו טרילן.

דאָס אַלץ האָט אַליין געזען און אַליין געהערט פרידאַ, וועלכע ווינט אַ טיר קעגן אַ טיר מיט דעם פּאָרפאָלק. איין מאָל, ווען די טיר איז געווען עטוואָס אָפן, האָט פרידאַ באַמערקט ווי שׂרהלע איז געזעסן מיט די פיס אין אַ שיסל וואַסער און אַהרעלע האָט זיי געוואַשן און דערנאָך אָפּגע־ווישט. פרידאַ האָט עס דערציילט די פרויען און די פרויען האָבן עס איבערדערציילט זייערע מענער מיט קינאה:

— זיי עסן זיך פון די פיסקעלעך... זי זאָגט אַז זי איז שוין אַריבער די פופציק און זעט אויס ווי אַ פערציק־יעריקע. אַוודאי, אַז מען האָט אַזאַ מאַן...

די מענער איז עס שוין נימאס צו הערן. צוליב אָט דעם גוטן און שיינעם צוזאַמענלעבן פון דעם מערקווערדיקן פּאָרפאָלק, איז נישט איין מאָל אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן זיי מיט זייערע ווייבער. בלויז די פרוי מאַנק האָט געדרייט מיט דער נאָז, געקנייטשט דעם שטערן און איבער־געחזרט:

— איז עס דען אמת? איך גלייב נישט דערין.

אין אַ טאָג ווען שרהלע האָט, ווי אַלע מאָל, געוואַרט אויף אַהרעלען אַן אויסגעפּוצטע, אַ פּאַרפומירטע, האָט זיך די פרוי מאַנק בכוונה אַוועק־געזעצט לעבן איר. און ווען אַהרעלע איז אָנגעקומען, זיך צעקושט מיט שׂרהלען און זי געפרעגט „וואָס מאַכט דאָס שפּילפייגעלע, דאָס פּופּעלע" — האָט זיך די פרוי מאַנק אַריינגעמישט אין זייער געשפּרעך מיט אַן איראָניש שמייכעלע:

— עס איז דאָך אַ זינגפייגעלע, אַ קאַנאַריקל...

אַהרעלע האָט איר אָפּגעענטפערט זייטיק, נישט אָפּווענדנדיק דאָס פּנים פון שׂרהלען:

— אמת טאַקע. אָבער מיר רופן עס שפּילפייגעלע, היימלעכער אין שטוב מיט אים.

— און כ׳בין נישט אַליין, ווען מיין מאַן איז נישט אין שטוב — האָט שׂרהלע צוגעגעבן.

— איך האָב ליב צו פאַרברענגען מיט מענטשן, שפּילן אין קאָרטן, און מיין פרוי איז אַ שטובזיצערין, ריכטיק? — ער האָט זי צוגעטוליעט צו זיך און דער פרוי מאַנק האָט זיך אויסגעוויזן אַז שׂרהלעס פּנים האָט זיך ווייטיקלעך פאַרקרימט.

געאַרעמטע זענען זיי אַריין אין שטוב און שׂרהלע איז צו צום פייגעלע און ס׳האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע בילד, וואָס די שכנים האָבן שוין געזען:

— פּופּעלע מיינס, די באַנאַנע האָט דיר געשמעקט? דו וועסט באַ־קומען נאָך, דו פרעסערל קליינס, מיין זיס פייגעלע, נאַ דיר נאָך אַ שטי־קעלע באַנאַנע, מיין שפּילפייגעלע, וועסט זינגען פאַר אונדז, אַ יאָ, פּופּעלע?

אַזוי ווי אַלע מאָל, האָט אויך דאָס מאָל דאָס פייגעלע נישט געענט־פערט... און נישט געוואָלט זינגען. און אַזוי ווי פריער, האָבן די פרויען נאָך אַלץ געקרימט מיט די נעז אויף זייערע מענער, און נאָך אַלץ מיט קינאה געקוקט אויף דעם פאַרפאַלק, ביז... ביז אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז די פרוי מאַנק געקומען צו לויפן צו די ווייבער אַ שטראַלנדיקע, מיט אַ ניצחונדיק שמייכעלע אויף די ליפּן:

— נו, וואָס וועט איר איצטער זאָגן? האַ? בין איך נישט געווען גערעכט?

געשען איז עס אין אַ שבת־אינדערפרי, און ווי איינגעהאַלטן און דעמפּיק אַהרעלעס און שׂרהלעס קריגעריי איז נישט געווען, זענען די קולות דערגאַנגען צו פרידאַס און פרוי מאַנקס אויערן:

— פאַר וואָס האָסטו מיר ווידער אַרויסגעיאָגט מיין פייגעלע — האָט זיך געריסן פון שׂרהלעס מויל מיט ווייטיק — אַזוי פיל פייגעלעך מיר

שוין געפּטרט, און ווידער... פֿאַרן זאָגן דיר דעם אמת, ווי אומגליקלעך איך בין מיט דיר? דו פֿאַרראַטסט מיך זינט כ׳בין מיט דיר צוזאַמען! פֿאַרן זאָגן דיר דעם אמת, שלאָגסטו מיך, און ווי די נאַצישע מערדערס האָבן געטאָן מיט מיין טייער פֿייגעלע, פֿאַר מיינע אויגן זי דערהרגעט, אַזוי פֿאַריאָגסטו מיינע פֿייגעלעך...

— נעבעך... זי פֿאַרמאָגט אַ האַרץ בלויז פֿאַר די פֿייגעלעך... דו האָסט באַדאַרפֿט דאָרטן בלייבן צוזאַמען מיט דיין מאַן און קינד... כ׳וועל מער נישט מיטמאַכן דיין שפּיל מיט די פֿייגעלעך, גענוג! כ׳האָב דיך פֿיינט! פֿיינט!

— און איך האָב דיך נאָך מער פֿיינט! נו, שלאָג מיך ווידער, דו... זיך געראַטעוועט פֿון איין גיהנום, און אַריינגעפֿאַלן אין אַ צווייטן...

די שכנים אין דרויסן האָבן זיך איבערגעקוקט דערשטוינטע און איבערראַשטע. די מענער האָבן געוואָרפֿן צווייִדייטיקע בליקן אויף זייערע פֿרויען, און די פֿרויען האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע אויגן...

— זייער עניין, לאָמיר אַריינגיין אין אונדזערע שטובן — האָט שטיל געזאָגט לעאָן.

— אַדרבא, זאָלן זיי וויסן אַז מיר האָבן געהערט! — האָט טראָציק דערווידערט די פֿרוי מאָנק.

די שכנים זענען זיך לאַנגזאַם צעגאַנגען, בלויז די פֿרוי מאָנק האָט נאָך אַלץ געפּרוווט אויפֿכאַפּן די נישט־דייטלעכע קולות וואָס האָבן זיך דערטראָגן אַהער פֿון דעם פֿאַרפֿאָלקס דירה.

צו מאָרגנס, זונטיק, איז שׂרהלע אַרויס אין דרויסן אַ בלאַסע, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, און מיט פֿאַרשנדיקע בליקן זיך באַגריסט מיט די שכנים:

— איר ווייסט... כ׳האָב נעכטן געהאַט אַ שטאַרקע מיגרענע. דאָס פֿייגעלע איז מיר אַנטלאָפֿן, אַרויסגעפֿלויגן, נישט געווען פֿאַרמאַכט דאָס שטייגעלע, דאָס פֿענצטער איז געווען אָפֿן — האָט זי אין איין אָטעם אַרויסגערעדט און לייכט אָפּגעזיפֿצט.

— אַזוי גאָר? אַ שאָד. — האָט עמעץ פֿון די שכנים באַדויערט.

— אַהרעלע וועט מיר קויפן אַן אַנדער פייגעלע. נישט דאָס ערשטע מאָל...

די שכנים האָבן זיך איבערגעקוקט און געשוויגן. די פרוי מאָנק האָט זיך פאַרקרימט און געוואָלט עפּעס אַריינזאָגן שרהלען, אָבער די שכנים האָבן זי שאַרף אָנגעקוקט.

— נו עס טרעפט, האָט נישט דערפון קיין עגמת־נפש. איר וועט האָבן אַן אַנדער פייגעלע. כ׳האָב אויך געפלעגט האַלטן אין רוסלאַנד פייגעלעך. מען דאַרף האָבן צוויי קאַנאַריקלעך, אַ פּאָרל, זינגען זיי שיין. איר וועט האָבן אַ צווייטס — האָט מאַשאַ זי באַרויִקט.

*

יעדעס מאָל, ווען שרהלע גייט אַרויס אַן אויסגעפּוצטע, אַ פּאַרפֿור־מירטע, באַגעגענען איר מאַן, אַהרעלען, ווען ער קומט אָן פון דער אַרבעט, און ווען זיי צעקושן זיך און צוגעטוליעטע איינע צום אַנדערן גייען זיי אין שטוב אַריין, — קוקן זיך די שכנים איבער, ווי פריִער, אָבער אָן התפּעלות און אָן קינאה, און ציִען מיט די אַקסלען.

# אין בין־השמשות

אַלץ וואָס האָט חוהן אַרויסגעפירט פון אירע איינגעשטעלטע געוווינ־היטן, האָט זי געררייצט. זי פאַרטראָגט נישט שלמהס ליידיקגיין, זיין זיצן כמעט אַ גאַנצן טאָג אין שטוב. מיט אירע געשיקטע הענט פאָרעט זי זיך אין שטוב און וואַרטשעט אַן אומצופרידענע.

שלמה קוקט אויף איר מיט זיינע גרויע, תמימותדיקע אויגן, און ער פאַרשטייט נישט, וואָס איז דאָ פלוצעם מיט איר געשען? זי ווייסט דאָך, אַז זיינע שווערע אָדערדיקע הענט זענען גרייט צו אַרבעטן, כאָטש ער איז שוין אַריבער די זעכציק. וואָס איז ס׳געאייל? זיי זענען ערשט נישט לאַנג עולה געווען, און נישט מיט קיין ליידיקע קעשענעס... די קינדער זענען שוין לאַנג אין קיבוץ, פאַרזאָרגן זיי דאַרף ער נישט. דער געעב־דערטער לעבן־שטייגער, די שטילע זאַמדיקע גאַס, דער נייער יִשוב וואָס בויט זיך דאָ, און די שיטערע הייזלעך אַרום — האָבן אים דווקא גע־בראַכט רו.

חוה איז נישט געוווינט זיך טיף אַריינצוטראַכטן אין זאַכן, זי מעסט אַלץ מיט איר ווייבערשן אינסטינקט, זי פילט מיט איר האַרץ, וואָס ס׳איז גוט פאַר איר. זי האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו יענעם אַרט לעבן, וואָס זיי האָבן געפירט אין דעם דרום־אַמעריקאַנישן לאַנד. איצט, אַז זיי זענען געקומען אַהער, אַנשטאָט צופאַסן זיך צום נייעם לעבן, לאָזט זי זיך גאָר אַריין אין טראַכטענישן וועגן דעם אַמאָל, ווען זי האָט געהאַט די קינדער אין שטוב. און אַז שלמה דריקט אויס זיין צופרידנקייט מיט דעם נייעם מצב, ווערט זי נאָך מער אין כעס. אַזוי איז אַדורך זייער ערשטער ווינטער אין ישראל.

ערשט איצט האָט זיך חוה אַרומגעזען, אַז זי האָט אָפּגעפּראַצעוועט אַ גאַנץ לעבן, געשפּאָרט געלט, ווייל ער האָט אַזוי געוואָלט. פריִער זענען די קינדער פאַר איר געווען דאָס גאַנצע לעבן, און איצט זענען די קינדער

ווײַט פון זיי, אָפּגעפרעמדט געוואָרן. זי האָט זיך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן ווי אַזוי די יאָרן האָבן זי אײַנגעשלונגען אומבאַמערקטערהייט, טאָג נאָך טאָג, חודש נאָך חודש. אַלץ איז געווען אַזוי פּשוט ווי זונאויפגאַנג און זונ־פאַרגאַנג, אַרבעט, זאָרג, קינדער. טייל מאָל האָט זי זיך פאַרקלאָגט פאַרן מאַן אויף די קינדער, אויף מענטשן, וואָס זענען איר נישט געווען צום האַרצן.

אין אָנהייב האָבן זיי זיך ליב געהאַט, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן שווײַגן. נישט בײַטיק געווען אַ סך צו רעדן. ער איז געזעסן אין דער שטוב מיט דער צײַטונג, געקוקט מיט ווארעמקייט אויף איר. תמיד זענען זיי זיך געווען געטריי.

די יאָרן זענען געגאַנגען און זיי האָבן נישט געטראַכט, אַז ס׳קען זײַן אַנדערש. ערשט איצט, ווי נאָך אַן אַנטוישונג, פרעגט זי זיך:

אויף וואָס איז אַוועק די צײַט? וואָס האָב איך אויפגעטאָן אין מײַן לעבן? וואָס איצט טאָן מיט מײַן פרייער צײַט?

זי האָט פאַרהאַלטן אין זיך אַ חשק צו לעבן, צו גיין צווישן מענטשן, פאַרברענגען, אויף וואָס שלמה האָט געהאַט אַ גרייטן ענטפער:

— נאַרישקייטן קריכן דיר אין קאָפּ, נאָר אַרומלויפן ווילסטו, צום בעסטן איז זיצן אין שטוב.

אין אָנהייב האָט חוה דערזען די יאָרן בײַ שלמהן אין דער געבויגענער פּלייצע, אין די אויסגעלאָשענע אויגן, אין די שיטערע האָר. איצט זענען זיי שוין קענטיק אין דער ביטולדיקער האַנט־באַוועגונג אויף די נאַרישקייטן פון דער יוגנט. ער האָט זיך שוין צוגעאײַגנט די באַוועגונג אויף אַלץ, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן נאַריש.

אַוודאי האָט זי געוווּסט, אַז זי איז אויך עלטער געוואָרן, אָבער בײַ זיך האָט זי עס אַזוי נישט אָנגעזען.

אין איינעם אַ טאָג האָט שלמה געזאָגט צו איר אומדרייסט:

— כ׳וועל גיין דאַווענען. מ׳האָט מיך געבעטן, מיט מיר וועט זײַן אַ מנין. ס׳וועט זײַן אַ מיצווה, אַזוי פיל יאָרן נישט געדאַוונט... אַז מיר

האָבן שוין זוכה געווען קומען קיין ישראל... צווישן גויים דאָרטן פאַר־געסט מען אין ייִדישקייט.

— מיינעטוועגן... קענסט זיך אַפילו אָנטאָן אַ שטריימל. — האָט זי געצויגן מיט די פּלייצעס.

*

האַלב־פאַרשעמט, האַלב־געריִרט, האָט ער אַהיימגעבראַכט אַ תּפילין־בײַטל, אַ טלית. אַזוי האָט זיך פאַר שלמהן אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן. ער האָט אַהיימגעבראַכט אין שטוב נײַע באַקאַנטע פון בית־המדרש, זיך באַפרײַנדעט מיט זיי. חוה האָט געשטעלט כּיבוד, אָבער מיט פאַרפרעסטע ליפּן.

— אַ מושב־זקנים אין שטוב... — האָט זי געטענהט.

— אַלע אין אונדזער עלטער.

— אין דײַן עלטער, אַפילו עלטערע פון דיר, נישט אין מײַן עלטער!

די געשפּרעכן מיט די געסט האָבן זיך געדרייט אַרום אַמאָל, אַרום קראַנקייטן און געשעפטן, גליקן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פון אונ־טער די הענט.

— כ'האָב געהאַט אַ מיגרש, געבויט אַ הויז. אַליין צוגעהאָלפן שלעפּן ציגל, געאַרבעט שווער, ס'איז געווען גוט צו קוקן אויף די ווענט, וואָס זענען געוואָרן אַלע טאָג העכער. מ'קומט צווישן לאַנדסלײַט, אַפילו צווישן אייגענע, זיי רעדן וועגן געשעפטן, וועגן עפּעס וויכטיקס, דו בלײַבסט זיצן ווי אַ נעבעכל. אָבער ווען מ'פרעגט מיך ווי עס זעט אויס מיט מײַן בויען, מיט מײַן שטוב, דעמאָלט פילט מען זיך ווי אַ גלײַכער מיט גלײַכע. כ'האָב פאַרקויפט דאָס הויז, כּדי עולה צו זײַן. איצט בין איך דאָ איבעריק, שווער מיר צו באַקומען אַרבעט.

— און איך בין געווען אַן אָנגעזעענער סוחר, מ'האָט זיך מיט מיר גערעכנט, בלויז אויפן וואָרט האָב איך באַקומען אַ וואַגאָן סחורה.

מנחם, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ לאַנג בלייך פּנים, תּמיד ציכטיק אָנגעטאָן, זײַנע באַוועגונגען גאַלאַנטע, מעשה קאַוואַליר, תּמיד מיט אַ צײַטונג אונטערן אָרעם, פלעגט בײַ זיך טראָגן פאָטאָגראַפיעס פון באַנקעטן, ווו ער זיצט מיט חשובע רעדנערס, ווי ער באַגריסט די פאַרזאַמלטע.

ער האָט געקוקט מיט בענקשאַפט אויף די פאָטאָגראַפיעס, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ס׳וואָלט געוועזן דאָס איינציקע אויף וואָס ס׳איז כדאַי צו קוקן.

— כ׳בין געווען אַ סטודענט, געטראָגן אַ מונדיר מיט גאָלדענע קנעפּ, אַ סטודענטיש היטל, מ׳האָט זיך מיט מיר גערעכנט. און אַפילו שפּעטער אין אַמעריקע. און מיינע אויפטוען אַלס כלל־טוער? כ׳בין שטאָלץ אויף מיין פאַרגאַנגענהייט. בלויז איך דערצייל איך עס. כ׳האָב פיינט זיך צו באַרימען.

— אַז איך פלעג אָפּאַרבעטן אַ שטיקל סחורה, אַ היטל!.. אָבער ווער האָט געדאַרפן אַרבעטן? ס׳געשעפט איז ברוך־השם געגאַנגען. חוהן האָב איך געזאָגט: דו קום בלויז נאָך מיטאָג אין געשעפט אַריין. דו היט די שטוב, די קינדער.

— זע נאָר די בעריִשע טובה... — האָט זיך חוה געבלאָזן.

מ׳האָט אויך געהאָט טענות צו דער יִדישער מדינה. זי איז נישט דאָס, וואָס מ׳האָט זיך פאַרגעשטעלט. די יִדישע מדינה האָט באַדאַרפן זיין אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער וועלט. אָבער אַז איין מאָל איז אַ שכנה, אַ פּוילישע, געקומען עפּעס באָרגן און געזאָגט:

— די היץ פאַליעט, ס׳איז אַ לאַנד... בלויז גוט צו טריקענען וועש, פראָשען פאַנסטוואָ.

האָט מען זי אָנגעקוקט צאָרנדיק:

— נאָר זי רעדט פּויליש, די פּאַליאַטשקע. זיי האָבן גאָרנישט פאַר־געסן די „אויטשיזנע", מ׳האָט זיי שטאַרק ליב געהאַט די „זשידקעס" דאָרטן.

— זע נאָר די טענות, — זי דאַרף דאָ קושן די ערד!

— גיב זיי ס׳טעלערל פון הימל, וועט זיי אויך זיין ווייניק.

— ביי די גויים איז זיי בעסער...

— נישט געזאָרגט, רבותי — האָט זיך שלמה דערמאָנט, אַז זיי האָבן זיך פריִער אויך באַקלאָגט — איר׳ט זען, עס וועט אונדז נאָך דאָ אַלעמען גוט זיין.

ווען שלמהס פריינד זענען אַוועק האָט ער זיי באַגלייט. מנחם האָט מיטגעגעבן חוהן אויף אַ שפּאַציר.

— כ'וועל גיין באַקוקן די שוי־פּענצטער — האָט חוה געשפּאָסט — דרעפּטשענדיק אין זאַמד. זיי זענען געגאַנגען צום פּלאַץ, ווו די עיריה האָט אָוועקגעשטעלט הוידלקעס פֿאַר קינדער, שלמה מיט זיינע חברים האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די הוידלקעס און זיך אָנגעהויבן הוידלען.

— אַ פּרעכטיקע נאַכט, אַ מחיה.

— איי, פֿלעג איך זיך אַ מאָל הוידלען — ביז אַ שטאָק הויך.

— איי, די יוגנט, אַ מאָל... די יוגנט זוכט תמיד און פֿילט גאָרנישט, אַז זי האָט אַלץ — האָט מנחם פֿילאָסאָפֿירט.

— יאָ, יענע צייטן, אַ מאָל, היינט זענען מענטשן קאַלט, טרויעריק, לעבן ווי עגאָיסטן.

— קיין אַרבעט וויל מען אונדז נישט געבן, מיר זענען איבעריקע.

— געווען אַנדערע צייטן, אַנדערע מענטשן, היינט האָט מען נישט קיין דרך־ארץ פֿאַר אַן עלטערן מענטש, אַפֿילו אונדזערע אייגענע אייניקלעך לאַכן פֿון אונדז. מיר זענען איבעריקע.

— איבעריקע שמיבעריקע, מיין טאַטע ע״ה האָט זיך נישט אַריינגעטראַכט, אַז ער איז איבעריק, געהאָרעוועט, געדאַוונט דריי מאָל אַ טאָג. די אייניקלעך זענען קאַלט? יאָ, אָבער מיר זענען אויך דער ערשטער דור ייִדעס אַן בערד. — האָט זיך שלמה אָפּגערופֿן.

— ס'איז מיר גוט! מיין מאַן וועט באַלד דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג, און זיך פֿאַרלאָזן אַ באָרד — האָט חוה זיך אַ פּאַטש געטאָן אין די הענט. זי האָט זיך געבויגן אין צווייען פֿאַר געלעכטער, זעענדיק ווי די זקנים הוידלען זיך.

מנחם, וואָס האָט זיך נישט געהוידלט, האָט זיך געוואָנדן צו חוהן:

— איר געדענקט מיצקעוויטשן, זיין אָדע צו דער יוגנט?

„אָן הערצער, אָן נשמה, איז אַ מענטשהייט פֿון סקעלעטן!

— יוגנט, גיב מיר פֿליגל״...

חוה איז געוואָרן ערנסט:

— צייט צו גיין. דאָ איז רויִק ווי אויף אַ בית־עולם — האָט זי זיך אַרומגעקוקט.

— מיין חוה איז נאָך יונג, עס פעלט איר נאָך אַ פּינפּערל צו די זעכציק — האָט שלמה אַריבערגעקוקט מיט אַ שמייכל צו חוהן, זיך הוידענדיק.

— דו האָסט נישט מער קיין דאגות, ווי דאגהן וועגן מיינע יאָרן?... קום אַהיים.

ווי זשאַווער האָט זיך אין איר איינגעפּרעסן אַ נאַגעניש.

— כ׳האָב שוין געגוג דיינע „אַמאָליקע״, כ׳פּיל זיך נישט אַזוי אַלט, צו פאַרברענגען מיט זיי.

— וואָס ווילסטו פון זיי? מיר זענען דען אַנדערש?

— איך נישט. זיי לאָזן נישט צו רו דעם אַלטן שטויב, זיי רעדן נאָר וועגן אַמאָל, בלויז שימל, זשאַווער, איך נישט — האָט זי זיך אויסגע־גלייכט.

אין דער אמתן האָט אויך חוה זיך געקלאַמערט אין דעם אַמאָל, זיך געוואָרעמט מיט די זכרונות פון אירס אַ יוגנט־ליבע. ער איז דאָ אין ישראל, אַרקע. זי האָט שוין באַקומען זיין אַדרעס פון לאַנדסלייט. נישט ווייט פון דאַנען איז ער. שלמה איז דאָך געקומען פּלוצלינג, זי אַוועק־גענומען פון אים. זי האָט דעמאָלט געפילט ווי זי לאָזט זיך מיט שלמהן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, האָט זי אים, אַרעלען אין זיך באַהאַלטן, ווי ער האָט אויסגעזעזן. שלמה איז די וואָכעדיקייט, יענער איז ווי בלומען, ווי שירים, וועלכע ער האָט געשריבן און זיי געזונגען פאַר איר. אויך די אָדע פון מיצקעוויטשן האָבן זיי צוזאַמען רעציטירט. זינט זי איז אין ישראל חלומט זי חלומות, ווי זי לויפט צו דער באַן, זוכט אים. יאָ, זי וועט צופאָרן צו אים, בלויז אים זען. אין אַ טאָג איז דער געדאַנק געוואָרן אַ באַשלוס ביי חוהן.

זי וויל אַנטלויפן פון דעם שימל, זי וועט פאָרן אָנקוקן אַרקען, געווען איז ער איר יוגנט־חלום. זי וויל אים בלויז זען.

די זכרונות, ווי פון אַן אייביקייט אַרויס, לענגער פון געלעבטן לעבן, אין דערמאָנונג ברענגט אַ צווייטע.

געהאַט האָט זי העלע, לאַנגע האָר, אַ קליין, לענגלעך חנעוודיק פּנים,

געווען אַ גימנאַזיסטקע. זי זעט אָפּגעריסענע בילדער. די גאַנצקייט האָט זיך פאַרלוירן דורך די יאָרן:

ער דערקלערט זיך איר אין ליבע, לייענט איר פון אַ העפט זיינע שירים. און די לידער זינגט ער צו איר. און זי לאַכט חנעוודיק. ווער נעמט עס ערנסט, אַז אַלץ איז אַזוי שפּילעוודיק און שיין?

אַרקע קוקט אויף איר אַנדערש ווי אַלע בחורים. און אין די לידער רעדט זיך בפירוש וועגן אַ מיידל מיט בלויע אויגן און לאַנגע צעפּ.

עס גיסט אַ רעגן, זיי לויפן דורכן וואַלד, ער וואַרפט אויף איר אַרויף זיין רעקל, זיי לויפן אַדורכגעווייקטע, צעשטיפטע.

זי ציטירט היינען, ווו עס רעדט זיך וועגן דער ערשטער ליבע, וואָס האָט זיך צעבליט אין האַרצן, אין מאַנאַט מיי, פּונקט ווי די בלומען אין פעלד.

דערנאָך האָט זיך באַוויזן שלמקע, וואָס איז געוואָרן איר מאַן שלמה — אַ פּשוטער בעל־מלאכה מיט תמימותדיקע אויגן און שווערע הענט.

געהאַט האָט ער פאַפּירן צו פאָרן קיין דרום־אַמעריקע. פאַר איר האָט זיך געעפנט אַ וועג דורך אים, אין דער וועלט אַריין.

די עלטערע שוועסטער, די פאַרזעסענע, פלעגט זי רייסן ביי די לאַנגע צעפּ. צו להכעיס דער שוועסטער האָט זי אַהיימגעבראַכט שלמקען, געלאַכט איר מיט אַ פול מויל ווייסע ציין אין פּנים אַריין, זי האָט איר אויך געוואָלט ווייזן אַ פייג, האָט זי אויפגעכאַפּט דער מוטערס אַ פאַרשטיקטן קרעכץ.

אָט די אַלע זכרונות האָבן שוין נישט געהערט צום רעאַלן לעבן. זיי האָבן געהערט צו אַ וועלט פון ליטער בלומען, וואָס פאַרט זיך נישט מיט דער טאָג־טעגלעכקייט.

אַ סך פרילינגס זענען דורך דער צייט אַדורך. אָבער ס׳גאַנצע לעבן האָבן זיך איינגעהאַלטן ביי איר זיינע ווערטער, זיינע לידער, זי געוואַ־רעמט. זי געדענקט דאָך, ווי ער האָט געליטן, ווען זי איז אַוועק צו שלמקען.

די אָסיען־זון האָט מיט אַ מילדער וואַרעמקייט געגלעט אירע האָר

אויפֿן וועג צו דער סטאַנציע. זי האָט זיך געשפּיגלט אין די פֿענצטער: זי איז גוט פֿאַרקעמט און דאָס קלייד פּאַסט איר... זי מוז זיך איילן, אַוודאי וועט זי נישט תמיד אַזוי אויסזען. אַלערליי מיחושן באַפֿאַלן זי, און אין די נעכט שלאָפֿט זי שלעכט.

זי גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ווי אין דער יוגנט, ווען די צעכוואַליעטע האָר זענען געווען געדיכט און לאַנג. דעמאָלט האָט זי זיי פֿאַרקעמט אין צעפּ, צי פֿאַרבונדן מיט אַ באַנד, היינט זענען זיי אַנדערש, אָבער זי איז קאָקעטיש פֿאַרקעמט. — ס'האָט זיך איר פֿאַרוועלט אַ שפּיל טאָן מיט דער יוגנט, מיט די פֿאַרגאַנגענע יאָרן.

אַ לייכט, שטיפֿעריש ווינטל איז אַרייַנגעדרונגען דורכן פֿענצטערל פֿון אויטאָבוס, זיך געדרייט אַרום איר, צעשויבערט די האָר, דערפֿרישט דאָס פּנים.

זי איז אַראָפּ פֿון אויטאָ, אַדורך אַ געגנט פֿון ווייסע הייזער, גערטנער, פּרדסים. אָט דאָרט, אין יענעם הויז.

דאָס האַרץ קלאַפּט האַסטיק, זי האָט אַרויסגענומען אַ פּיל און אַ שפּיגעלע פֿון בייטל. זי שלינגט אַראָפּ די פּיל, באַקוקט זיך אין שפּיגעלע, גלייכט אויס דאָס קלייד.

ביים אַרייַנגאַנג האָט זי זיך פּלוצעם דערפֿילט נאַריש; ווי זי וואָלט זיך געשפּילט אין אַ יונג מיידל. זי האָט געוואָלט אַנטלויפֿן און די פֿיס זענען געגאַנגען ווייטער.

פֿאַר וואָס נישט גיין אים זען? ער איז דאָך אַ לאַנדסמאַן, אַ שכן — האָט זי פֿאַרגיכערט די וואַקלדיקע טריט.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ טראַקטאָר, פֿון הינטערן הויז האָבן זיך געזען געדיכטעביימער, ביים אַרייַנגאַנג — בלומענבייטן.

— צו וועמען דאַרפֿסטו? — האָט זי אַ מאַן געפֿרעגט אויף ייִדיש.

אין די הענט, ווי אויפֿגעפּלאַצטע ערד, האַלט ער אַ קאָרב מיט ירקות, דאָס פּנים ברויין, מיט טיפֿע קנייטשן, טיף איינגעזונקענע אויגן, די האַריקע פֿיס פֿאַרברענט פֿון זון ביזן ראַנד פֿון די קורצע הויזן.

דאָך האָט זי אים דערקענט.

—כ׳בין, כ׳בין חוה... פון דיין שטעטל... — האָט זי אַרויסגעבראַכט אין ייִדיש.

ער האָט געמאַכט אַן אָנשטרענג זיך צו דערמאָנען, געקנייטשט דעם שטערן, געקוקט אויף איר.

חוה? חוה?...

— חוה אַ. — האָט זי אומגערן געזאָגט איר פאַמיליע־נאָמען.

זיין בליק האָט אויף אַ מינוט אויפגעוואַכט מיט נייגער.

— אַ, חוה? יאָ, אָוודאי דערמאָן איך זיך. קום אַריין ווייטער, — ער האָט איר דערלאַנגט אַ האַרטע, שווערע האַנט, — כ׳וועל רופן שושנהן. זי פאַרעט זיך נאָך אין דרויסן. אין אַ מושב איז תמיד פאַראַן אַרבעט.

ער האָט איר אָנגעוויזן אויף אַ שטול אין חדר, זיך געדרייט אומרויִק.

— זעץ זיך, כ׳וועל אַרויסגיין אויף אַ רגע, זאָגן שושנהן.

„ער האָט מיך נישט דערקענט. איך האָב אים יאָ דערקענט, טראָץ זיין אַלטקייט... ווי גייט מען איצט אויף צוריק?״ — האָט זי עקשנותדיק געטראַכט.

אַ פרעמדקייט האָט געוויייעט פון דעם חדר. אויף אַ לענשטול, אָנ־געלייגט מיט בגדים, איז געלעגן אַ קאַץ, דערנעבן בלומענטעפּ, קאַנען מיט מילך.

באַלד זענען זיי אָנגעקומען. ער — מיט אַ לייכטער פאַרשעמטקייט אויפן טרוקענעם פנים.

— דאָ איז דער גאַסט, שושנה.

אַ הויכע, דיקלעכע פרוי, מיט אַ קיילעכדיק גוטמוטיק פנים, גלאַט־פאַרקעמטע גרויע האָר, האָט איר פריינדלעך דערלאַנגט די האַנט.

— מיר, מושבניקעס, זענען תמיד פול מיט אַרבעט. אָט באַלד וועל איך דערלאַנגען עפּעס צו טרינקען. זעצט זיך דאָ באַקוועם אין לענשטול. קוצי, קוצי, קוציניו, אַראָפּ די פעפערקע, נאַר שלאָפן ווילסטו, — זי האָט אַראָפּגעטריבן די קאַץ, וואָס איז אַראָפּ אָן חשק פון לענשטול און זיך אויסגעצויגן גענעצנדיק אויפן דיל.

„נישט מעגלעך אַז דאָס האָט עפּעס אַ שייכות צו מיר... ער האָט

מיך נישט דערקענט, נישט דערקענט...״ חוה האָט זיך פּלוצעם דערפילט מיד, ווי נאָך אַ גוואַלדיקן אָנשטרענג.

ער האָט אויסגעפרעגט, ווען זיי זענען געקומען אין לאַנד, וועגן די קינדער, וואָסערע פּלענער זיי האָבן אויף להבא.

— מיר האָבן דאָ אונדזערע קינדער, אויך אייניקלעך, סאַברעלעך, צוליב זיי זענען מיר געקומען. סיי ווי האָבן מיר געוואָלט עולה זיין, זיין אין אונדזער מדינה. דער עלטערער זון האָט געלערנט, מיר האָבן געמיינט, אַז ער וועט זיין אַ דאָקטאָר, איז ער גאָר אַ טראַקטאָריסט אין קיבוץ. אויך דער צווייטער זון שוין געווען אַ יאָר אין אוניווערסיטעט... אָבער, אָבער מיר זענען צופרידן. מיר באַדויערן נישט אונדזער עליה. שלמה זוכט מיט עפּעס זיך צו פאַרנעמען, אפשר אַרבעטן.

אַהרן האָט געשוויגן, וואָס איז דאָ צו ענטפערן דערויף? ער איז דאָ אַ וותיק, געענוג זיינס איבערגעקומען. וועגן ליבשאַפט צו דער מדינה רעדן די עולים־חדשים, אַ נייעס פאַר אים: „אונדזער מדינה?״ — ער האָט געקעמפט פאַר איר.

— זייער פיין, אַז איר זייט צופרידן. די מיינסטע עולים־חדשים זענען מיט טענות. עס געפעלט זיי נישט. אין מיינע צייטן, ווען כ׳בין געקומען...

— שושנה, באַלד וועט זיין די קאַווע? — האָט אַהרן שאַרף זי אָנגעקוקט. — אַזוי, אַזוי, זעט מען זיך ווידער, יאָרן זענען אַוועק... — האָט ער זייטיק געקוקט אויף חוהן, זיצנדיק ברייטלעך אויף אַ שטול, מעשה בעל־הבית.

— אַוודאי, אַ סך יאָרן אַריבער, דו האָסט מיך נישט דערקענט...

— איך האָב אייך באַלד דערקענט — האָט זיך אָנגערופן שושנה.

— איר?

— יאָ, ס׳איז ביי אונדז פאַרוואַלגערט אייערס אַ פאָטאָגראַפיע. אָט קאָכט שוין ס׳וואַסער, כ׳גיי ברענגען קאַווע — שושנה האָט איבערגעריסן דעם שמועס און איז אַרויס.

— איצט דערקען איך איך דיך, כ׳בין געווען אַרויס פון טונקעלן צריף, די זון האָט פאַרבלענדט די אויגן.

— אַוועק די יאָרן, אַוודאי איז מען נישט די זעלבע פון אַ מאָל... — האָט חוה געזאָגט מער אויפגעלעבט.

— אַהאַ, יענע יאָרן, אַ מאָל, יענע צייטן. געדענקסט דאָס שטעטעלע? די יוגנט? מיר זענען געוואָרן אַלט, נישט צו דערקענען — איז מסכים אַהרן.

חוה האָט דערפילט אַ טרוקנקייט אין מויל ווי עפּעס וואָלט זיך צו־געקלעפּט צום גומען, זיך אָנגעהויבן דרייען אומגעדולדיק.

— ס'ווערט שפּעטלעך, כ'וועל באַלד דאַרפן צוריקפאָרן.

— וואָס, שוין? וועסט בלייבן ביי אונדז אויף וועטשערע, באמת, וועסט באַקענען אונדזערע קינדער און אייניקלעך, זיי דאַרפן היינט קומען צו אונדז.

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן שושנה מיט אַ טאַץ קאַווע און קיכלעך.

— זי רעדט שוין פון אַוועקפאָרן, כ'זאָג זי זאָל בלייבן אויף נאַכטמאָל.

— נו, זיכער, וואָס איז ס'געאייל?

זיי האָבן געטרונקען שווייגנדיק.

— ס'ווערט קיל אין דרויסן — האָט זיך אָפּגערופן חוה, געהאַט חשק וואָס גיכער זיך צו געפינען אין שטוב — צוריק אין שטוב, אין שטוב — האָט זי עקשנותדיק געטראַכט.

— ס'וואָלט שוין באַדאַרפן רעגענען — האָט שושנה געקוקט אין הימל.

— דאָ ביי אונדז קוקט מען כסדר אין הימל, מען וואַרט אויף רעגן — האָט אַהרן געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— טאַקע גערעכט, נישט יענע צייטן, אַלץ איז אַוועק. — האָט זיך חוה אויפגעהויבן.

— וואָס איז ס'געאייל, ווען וועלן מיר זיך ווידער זען? זיך דער־מאָנען אין שטעטל...

— כ'האָב צוגעזאָגט שלמהן קומען פרי — האָט חוה געזאָגט אַ ליגן.

זי איז צוריקגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, זיך געפילט נאַריש, ווי אויסגעשעפּט. „צו וואָס האָב איך אויפגעוועקט נעכטיקע טעג? גע־דאַרפט זיך באַוויזן פאַר אים, ער זאָל מיך נישט דערקענען? וואָס האָב

איך דערזען ? אַנשטאָט אַרקען, אַן אַלטן מושבניק, אַוועק אַרקע...״ — האָט זי געטראַכט.

די נאַכט איז אָנגעקומען. אַ קאַלטער ווינט האָט געיאָגט געלע בלעטער. זי האָט פאַרמאַכט ס׳פענצטערל פון אויטאָבוס מיט אַ קלאַפּ, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרקלאַפּן הינטער זיך די וועלט, וואָס האָט שוין נישט צו איר קיין שייכות.

ביים אַריינקומען אין שטוב האָט זי דערפילט, אַז זי דאַרף האָבן אַ וואַנט זיך אָנצושפּאַרן. אַ צופרידענע, וואָס זי געפינט זיך שוין אין שטוב, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן אויסגעבעטער שטול. „ווי רויִק, ווי זיכער דאָ איז״ — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און אויסגעצויגן די מידע גלידער.

שלמה דרימלט אין אַן אָנלען־שטול. אויפוועקן אים ? זי דאַרף רעדן.

— ס׳איז קאַלט אין דרויסן און דאָס קליינוואַרג לויפט אַרום זומערדיק אָנגעטאָן.

— זיי האָבן עלטערן, זיי וועלן שוין דאגהן.

— שלמה, שוין לאַנג נישט געזען די קינדער, מ׳דאַרף צופאָרן, כ׳וועל אָנשרייבן צו זיי, וועלן זיי וויסן זיך צו נעמען אַ שבת.

— שרייב.

— כ׳וועל מאַכן אַ טיי, דו וועסט אויך טרינקען, כ׳וועל מאָרגן באַקן קיכלעך.

— טו וואָס דו פאַרשטייסט.

— אפשר באַדאַרפן מיר גיין לעבן אין קיבוץ, נעבן אונדזערע קינדער ? ס׳בענקט זיך צו זיי.

— דו האָסט עס נישט געוואָלט. מירן שוין דאָ בלייבן, כ׳וועל בקרוב באַקומען אַרבעט.

זי האָט זיך אַרומגענומען מיט אַ שאַל, געזעסן מיט ווייכער אויס־געליידיקטקייט.

— שלמה, מאָרגן וועלן מיר צופאָרן אין קינאָ, שוין לאַנג נישט געווען.

— כ׳וועל דאַרפן זיין וועגן אַרבעט, מ׳האָט מיך געהייסן קומען.

— כ׳וויל אַז מיר זאָלן צוזאַמען אַרויספאָרן, שלמקע.
ער האָט זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.
זי האָט צו אים געשמייכלט קאָקעטיש.
— אַז דו פאָרסט זיך דורך, ווערסטו יינגער, שענער — האָט ער צוריקגעשמייכלט, גלעטנדיק די שיטערע האָר.
— שלמקע, כ׳בין געוואָרן אַלט, אמת?
— וואָס פאַלט דיר איין? דו ביסט, ווי ווען דו ביסט געווען יונג.
זי האָט בלאָס געשמייכלט, עס איז איר באַפאַלן אַ בענקשאַפט צו ווינטערדיקע נעכט, צו וואַרעמקייט פון בעט.
— צייט צו גרייטן די בעטן, מאָרגן האָב איך אַ סך אַרבעט — האָט זי געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט.
שלמה האָט אַרויסגעקוקט צום דרויסן אויפן פאַרכמאַרעטן שפּעט־אָסיענדיקן הימל. ערגעץ ווייט האָט געפינקלט אַ שטערנדל. ער האָט געוואָלט וויסן, צי ס׳איז אַ שטערן, צי אַ פאַרבייפליִענדיקער עראָפּלאַן, אָבער אָן ברילן האָט ער נישט דערזען. ער האָט דערפילט די ריחות פון פרישער אַדורכגענומענער מיט טוי ערד, אַ דאַנקבאַרקייט פאַר דער רו און שלווה, וואָס ער האָט דאָ געפונען אין זיך, אין דער שמעקעדיקער ערד, אין דעם האַלב־פאַרכמאַרעטן אייגענעם הימל.

# אין שפּיגל

אַז כ׳בין אַ מיאוסער, ווייס איך פון קינדווייז אָן, דאָס פּלעגן מיר זאָגן מיינע חברים, שכנים, און אַפילו די עלטערן מיינע. כ׳זע עס אויך אין שפּיגל. כ׳האָב אַ טבע, אַ סך אָפּצושטיין ביים שפּיגל, באַטראַכטן מיין לאַנגע, קרומע נאָז, די אָפּשטייענדיקע אויערן. דערצו בין איך אַ דאַרער, קליינער, מיט קרומע פיס. קינדווייז פלעג איך זיך אַרויפשטעלן אויף אַ בענקעלע ביים שפּיגל, פאַרשטעלן זיך די שפּיץ־נאָז, מאַכן זיך די אילוזיע, אַז כ׳בין הויך און מיין נאָז איז קירצער. שפּעטער האָב איך זיך געקויפט אַ שפּיגעלע, געהאַלטן עס ביי זיך, געקוקט אין אים, זיך געפּייניקט.

ביי די חברים מיינע בין איך געווען אַ נאַכשלעפּעניש. זיי האָבן גאָר פרי אָנגעהויבן רעדן וועגן מיידלעך. כ׳בין אויך געווען פאַרליבט אין מיידלעך, ווי זיי, אָבער כ׳האָב עס קיינעם נישט דערציילט, זיי זאָלן נישט אָפּלאַכן פון מיר, אַז „אָט דער מנוול רעדט וועגן מיידלעך”. ווען זיי האָבן געשטיפט, געלאַכט, האָב איך אויך געוואָלט שטיפן, לאַכן, אָבער מיין מויל האָט זיך בלויז געקרימט.

אין פרילינג, ווען דער דרויסן האָט געגרינט, געשמעקט, די זון האָט געוואַרעמט, האָב איך געהאַט חשק, ווי אונדזער הינטל פלאַף, זיך קייקלען זאַרגלאָז אויף דער ערד, צי אין גראָז, ס׳זאָל מיר ווערן גרינג, אָבער כ׳בין דאָך נישט קיין הינטל, האָב איך געבענקט, געבענקט, גיי ווייס נאָך וואָס...

געלערנט האָב איך זיך דווקא גוט. ס׳איז מיר געפעלן, ווייל מיינע עלטערן האָבן מיך געלויבט, אַז כ׳לערן זיך גוט.

אין אַ שיינעם טאָג — ס׳זאָגט זיך נאָר אַזוי, ווייל ס׳איז געווען אַ פאַרוואָלקנטער טאָג — אָבער ביי מיר איז ער געווען שיין מיט אַלע חנען, — איז געקומען צו אונדז אַ פעטער פון אַמעריקע. געווען איז ער דאָרט אַ מאַכער, אַ כלל־טוער, אַ וויכטיקער מענטש, ער האָט אונדז געברענגט מתנות.

מיט מיין מתנה, אַ סוועטערל און אַ שאַלעקל אין פּאַסן, בין איך געקומען צו מיינע חברים. מ׳האָט מיך באַטראַכט, כ׳בין געוואָרן וויכטיק. כ׳האָב אָנגעהויבן דערציילן פון פעטער. דערציילט אמתן אויסגעמישט מיט ליגנס, דערציילט אַזוי ווי מיר איז געפעלן. כ׳האָב אויפגעוועקט פאַרגעסענע זאַכן, זיי אַריינגעבראַקט אין די מעשיות און כ׳האָב זיך טאַקע געפילט ווי אונדזער הינטל פלאַף, וואָס נאָרעט זיך מחיהדיק אויס אויף דער ערד, צי אין גראָז. אָבער אַ סך מאָל ווען כ׳בין געווען אַליין האָב איך געוואָלט וויינען ווי אַ געשלאָגענער הונט.

מיין פעטער האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען מיינע ברעקעלעך גליק. כאָטש די אַלע מעשיות, וואָס כ׳האָב דערציילט מיינע חברים וועגן אים, וואָס זיי האָבן אַזוי גיריק אויסגעהערט, האָבן מיר קיין גרויס נחת נישט פאַרשאַפט, ווייל אינעווייניק האָב איך געוווּסט, אַז מיין פעטערס גוטסקייט האָב איך אויסגעטראַכט, ווייל כ׳האָב געוואָלט אַז ס׳זאָל אַזוי זיין, אָבער אָן דעם פעטער איז מיר שוין געווען שלעכט דאָס לעבן. מיט וואָס קומען צו מיינע חברים? ווער וועט קוקן אויף מיר?

אַזוי בין איך געוואַקסן, קוקנדיק כסדר אין שפּיגל. איין זאַך האָט געבויערט מיין מוח: ווי ווערט מען שיין?

ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט — האָב איך זיך דווקא גוט געלערנט, כ׳בין געוואָרן אַ בוכהאַלטער, כ׳אַרבעט אין אַ ביוראָ, ביי דער אַרבעט שוויג איך, כ׳אַרבעט גוט, געוויסנהאַפט, קיינער קוקט זיך נישט אום אויף מיר, סיידן ווען מ׳דאַרף מיר דערלאַנגען אַ פּאַפּיר, צי געבן מיר אַ פאַר־אָרדענונג וועגן אַרבעט. מ׳קוקט טאַקע אויף מיר ווי אויף אַ ראָבאָט, אויב מ׳קוקט אויף מיר בכלל.

פרישטיק און וועטשערע מאַך איך מיר אַליין, מיטאָג עס איך אין אַ ביליק רעסטאָראַנדל, כ׳גיי אַרויס אויף פרישער לופט, זיץ זיך אין גאָרטן אויף אַ באַנק, מיינסטנס טרעף איך דאָרט אַלטע און איינזאַמע, כ׳קוק אויף פאַרבייגייערס; וואָס זאָל איך לייקענען, כ׳קוק אויף שיינע מיידלעך אויך, אָבער זיי קוקן נישט אויף מיר.

כ׳טראָג מיך אַרום מיט אַ סוד! ער וואַרעמט אינעווייניק, כ׳טראַכט

נאָר דערפון, כ׳האָב נישט קיינעם אים מגלה צו זיין, דעריבער פאַרשרייב איך אַלץ. כ׳מאַך מיר די אילוזיע, אַז כ׳דערצייל עס. כ׳האָב איינגעזען פון תמיד, אַז עפּעס מוז איך האָבן, וואָס זאָל אינעווייניק וואַרעמען, אַז דעם איז אומעטיק צו לעבן. קינדווייז איז דאָס געווען דער פעטער, אויף דעם איצטיקן סוד לייג איך גרויסע האָפענונגען, — ס׳קען זיין, אַז איך וועל נאָך ווערן אַ שטיקל מענטש.

אַז כ׳בין אַ בוכהאַלטער, האָב איך דאָך מיין משכורת. כ׳בין נישט קיין קמצן. נאָר אַלץ צוליבן סוד: כ׳גיב ווייניק אויס, מיין אַנצוג טראָג איך יאָרן (ר׳איז שוין אַפילו אויסגעריבן), מיין טראָט איז אַ לייכטער, כ׳צערייס ווייניק שיך. מיטן עסן בין איך שפּאָרזאַם. כ׳קויף אַ מאָל אַ צייטונג; כ׳דאַרף נישט תמיד קויפן, כ׳געפין זי אויף דער באַנק; אויך אין ביורא לאָזט מען איבער צייטונגען — האָב איך אַנומלטן געפונען אַן אַנאָנס אין דער צייטונג, אַז מען מאַכט אָפּעראַציעס אויף נעז און אַנדערע זאַכן. איר פאַרשטייט מיין פרייד? כ׳האָב אויפגעהערט טראַכטן וועגן פעטער, ווייל, מישטיינס געזאָגט, קלערט ער דאָרט אין אַמעריקע וועגן מיר? כ׳האָב צו אים געשריבן בריוו און נישט באַקומען קיין ענטפער. בקיצור: כ׳זאַמל געלט שוין אַ לאַנגע צייט צו מאַכן זיך אַזאַ אָפּעראַציע.

אַ, מיינע קורצע, קרומע, דאַרע פיס? — שטויות! קנאַפּ קליינע מענטשן פאַראַן? און אויב מיין לאַנגע קרומע נאָז וועט ווערן גלייך, און כ׳וועל זיך זען אין שפּיגל אַ שיינעם, וועל איך שוין אַוודאי זיין גליק־לעך, — וועט מיר צוקומען פלייש. אָפּגעפּטערט אַן עסק, וועל איך זיך פאַרגינען גוט צו עסן, יאָ! מיידלעך וועלן מיר נאָכקוקן. אַוועק די סכנה צו בלייבן אַן אַלטער בחור, כ׳בין שוין סיי ווי אַלט איבער די דרייסיק יאָר, כ׳וועל ווערן אַ מענטש!

כאָטש כ׳בין נישט קיין קמצן, צייל איך כסדר מיין געלט, כ׳ריר עס אָן מיט ליבשאַפט, ווי אַ וואַרעמע לעבעדיקע זאַך. עס פאַרטרייבט מיר מיין איינזאַמקייט. גיט האָפענונגען.

איין זאַך באַגרייף איך נישט: פאַר וואָס מענטשן שיינע, גלייכע, קלוגע, רייכע, מענער, וואָס האָבן דערפאָלג ביי פרויען, וואָס האָבן דער־

פּאַלג ביי מענער, פאַר וואָס זענען זיי אויך נישט גליקלעך, וואָס פעלט זיי? פאַר וואָס דאַרפן זיי זיך פילן איינזאַם?

ווען כ׳בין אַ שיינער, אַ הויכער, וואָלט איך אַלעמען געוויזן ווי אַזוי צו לעבן! כ׳רייב זיך די הענט פאַר פרייד. אויף דער דערנעבנדיקער באַנק זיצט דער אַלטער וואָס ציטערט מיט די הענט, ער וויל תמיד פאַרפירן אַ שמועס מיט מיר, איך בין נישט גענייגט דערצו. מער פעלט מיר נישט! איך מייד אויס דאָס אַלטוואַרג, כ׳וויל נישט זיצן נעבן זיי! וואָסי, כ׳בין זייערס גלייכן?... ער קוקט זיך איין אין מיר, מיינט כ׳בין משוגע. וואַרט! — טראַכט איך, — דערפאַר וועל איך דיך איבערוואַרטן, וועסט ווי תמיד מיר איבערלאָזן דיין צייטונג.

קוים זיך דערוואַרט. כ׳הויב אויף די צייטונג, כ׳האָב אַזאַ טבע, צו ערשט קוק איך אַדורך די קעפּלעך פון די ידיעות. כ׳קוק, און כ׳ווער דערשטוינט...

מיין פעטער, דער וויכטיקער כלל־טוער פון אַמעריקע, קומט זיך באַ־זעצן אין לאַנד! כ׳שפּרינג אויף פאַר פרייד. וואָס אַרט מיך, וואָס מ׳קוקט פון די בענק אויף מיר...

מייך האַרץ טיאַכקעט. ווען האָט געטיאַכקעט מיין האַרץ פאַר פרייד?... וואָס פאַר אַן עמאָציעס האָב איך געהאַט ביז איצט?

דאָס בין איך דאָך אין מיין פעטערס זכות געוועזן אַ מאָל וויכטיק ביי מיינע חברים!

איי, פאַר די פופצן יאָר, וואָס כ׳האָב אים נישט געזען, האָט ער אויף מיינע בריוו נישט געענטפערט... ווייס איך וואָס, אַזאַ וויכטיקער מענטש איז תמיד פאַרנומען. אָבער כ׳בין דאָך פאָרט זיין פּלימעניק.

שוין מיט יאָרן צוריק איז ער געווען אַ כלל־טוער, מיין מאַמע פלעגט אַזוי זאָגן, איצט איז ער שוין באַרימט. אין צייטונג זאָגט זיך דאָך, „דער באַרימטער כלל־טוער". כ׳האָב שוין נישט קיין צייט צו קוקן אין שפּיגל, כ׳קלער שוין נישט, טאָג און נאַכט, וועגן מיין נאָז.

כ׳האָב דערציילט אין ביורא, אַז מיין פעטער, דער באַוווסטער, באַ־רימטער, באַקאַנטער כלל־טוער, מייזל, קומט.

ווען כ׳האָב אָנגעהויבן רעדן, האָבן זיי מיך לכתחילה אָנגעקוקט פאַר־

ווונדערט. ווען רעד איך? כ׳ווייס אָבער פון דערפאַרונג, אַז אַזעלכע זאַכן ברענגען נוצן. געדענק איך דאָך פון קינדווייז, ווי וויכטיק כ׳בין געוואָרן צוליב מיין פעטער. מיינע חברים האָבן מיך מקנא געווען, סיי מיין פעטער, סיי מיינע מתנות. אַרויסרופן קינאה?... איי ווי גוט! ווייל מישטיינס געזאָגט, מיט וואָס קען מען מיך, אָן מיין גרויסן פעטער, מקנא זיין?

כ׳האָב נישט געהאַט קיין טעות. כ׳האָב שוין געזאָגט, כ׳בין אַ פּינקטלעכער, איך קום אַפילו פינף מינוט פריִער פאַר אַנדערע. מ׳האָט תמיד געבורטשעט הינטער מיינע פּלייצעס, אַז כ׳וויל זיך דערמיט באַווייזן (וועגן דער טעלעפאָניסטין רינה, וואָס פאַרשפּעטיקט זיך אַ ביסל, זאָגן זיי, אַז זי איז אַ פּוילע, פון פּקיד צבי לאַכן זיי, ווייל ער קומט צו דער מינוט). טאַקע צו מאַרגנס, כ׳נעם זיך צו מיינע פּאַפּירן, — זענען אָנגעקומען די איבעריקע. צו ערשט דער פּקיד אורי, וואָס זיצט אַקעגן מיר. דאָס איז אַ הויכער געפאַקטער מאַנספאַרשוין, אַ פּריילעכער, מיט אַ קורצער נאָז, דער גאַנצער היפּוך פון מיר. בשעתן טיי טרינקען דערציילט ער וויצן, מיט מיר האָט ער נישט געהאַט קיין מגע־ומשא, כ׳האָב סיי ווי נישט געהאַט מיט קיינעם צו טון.

דאָס מאָל האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל צו מיר:

— שלום, מייזעלס! הייסט עס, אַז אייער פעטער איז עס דער באַרימטער מייזעלס? (ער האָט געזאָגט מייזעלס אַנשטאָט מייזל ווי איך הייס און ווי ס׳הייסט מיין פעטער. אָבער מילא, מיר טרעפט זיך אויך, אַז כ׳פאַרגעס און צעדריי אָן אות אין אַ נאָמען).

— נו, ער וועט שוין באַקומען דאָ אין ישראל דעם אמתן פּאָסטן — האָט ער צוגעגעבן.

— ער וועט נישט דאַרפן וואַרטן אויף אַ שיכון, מען וועט עס אים אַקעגנטראָגן — האָט זיך אָפּגערופן צבי.

— ער קען עברית? — האָט רינה געפרעגט, פאַרגעסנדיק אַז זי האַלט דאָס טעלעפאָן־טרייבל ביים אויער.

— אַוודאי קען ער, ער קען ביי פּופּצן שפּראַכן — האָב איך באַריימעריש געזאָגט.

— אָהאָ, ער וועט שוין דערגרייכן ביז צו דער כנסת — האָט מען פריינדלעך צו מיר געקוקט.

שפּעטער, ווען תירצה איז אָנגעקומען מיטן טיי, האָט זי מיר אים אַוועקגעשטעלט מיט אַ שמייכל.

— איר ווילט מיט לימאָן, אדון מייזעלס ?

כ׳מוז אייך זאָגן, אַז צום ערשטן מאָל האָב איך געהערט די פראַגע פון איר, אויך דאָס אָנרופן מיין נאָמען.

*

וואָכן פון דערוואַרטונג. גליקלעכע טעג. כ׳פיל, אַז כ׳לעב. מען שמייכלט צו מיר, כ׳בין חשוב. געמישטע געפילן ביי מיר. כ׳האָב קיין מאָל נישט געוווסט, אַז כ׳וועל טראַכטן אַזוי פיל זאַכן.

איר מיינט, אַז כ׳האָב נישט געהאַט מיינע חלומות נישט־דערחלומטע ? כ׳האָב זיי פאַרטריבן. צו וואָס, צו וועמען וועלן זיי קומען ? איצט איז ביי מיר אַ נייע וועלט. אַוועק די קרומע, לאַנגע נאָז. די צעדרייטע פּיס. דער שפּיגל.

כ׳האָב זיך געקויפט אַ נייעם אָנצוג, נייע שיך. פּאַסט דען צו טראָגן איצט מיינע אָפּגעריסענע בגדים ? כ׳קוועל אָן ביים שפּיגל פון די בגדים. כ׳האָב געעפנט ס׳פענצטערל פון מיין בחורישער דירה. איי ס׳איז פאַר־שוואַרצט ? ווי לאַנג וועל איך דאָ בלייבן וווינען ?... אָבער די לופט איז גוט, דרינגט אַריין מיט שפע אין מיינע לונגען.

כ׳דערצייל מעשיות וועגן מיין פעטער, אויסגעטראַכטע, געמישט מיט אמת. תירצה, די טיי־ברענגערין, האָט מיר שוין געזאָגט, אַז זי איז מיר מקנא. מ׳פרעגט מיך, ווי כ׳פאַרברענג די פרייע צייט. דער פּקיד אורי האָט מיך פאַרבעטן אויף שבת־אָוונט. כ׳בין איצט אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש. אפשר וועט זיך מיר נאָך מאַכן אַ שידוך אויך. אַ מאָדנע זאַך איצט. כ׳פיל זיך מיט מענטשן גלייך. מיינע באַשלוסן זענען שוין נישט קיין וואַקלדיקע. כ׳ווייס וואָס צו טון מיט מיין צייט, כ׳בין שוין אַפילו געווען אין קינאָ, כאָטש איר ווייסט, ווי געלט איז ביי מיר חשוב צוליב מיין נאָז, וואָס איך האָב זי געוואָלט פאַרריכטן. אָבער איצט, ווער טראַכט

דערפון? דער אָנצוג, דאָס נייע העמד, די שיך — כ׳האָב געקויפט, און שוין!

וויפל מענטשן האָב איך איצט באַקענט! אין מיינע צען יאָר אַרבעט אין משרד האָב איך קיינעם פריוואַט נישט געקענט. איצט זאָגט מען מיר, אַז כ׳בין סימפּאַטיש...

די טעלעפאָניסטין רינה האָט זיך מיט מיר צעשמועסט, דערנאָך האָט אויף מיר געוואַרט אַ סורפּריז איבער אַלע סורפּריזן!

דער הויפּטשעף האָט מיך צו זיך גערופן, מיר געגעבן די האַנט:

— זעצט זיך אדון מייזעלס. כ׳האָב געהערט, אַז איר באַקומט אַ וויכ־טיקן גאַסט. איר ווייסט? כ׳קען אים. ווען כ׳בין געווען אין אַמעריקע האָבן מיר זיך באַפריינדעט. אַה, אַ ווילער און אינטערעסאַנטער מענטש. מיר דאַרפן אַזעלכע מענטשן. ער האָט אויך אַ סך קאַפּיטאַל, זיין דירה איז לוקסוסדיק איינגעאָרדנט. מיט מיין פרוי זענען מיר דאָרטן געווען איינגעלאַדן. אדון מייזעלס, איר דאַרפט עפּעס אַ מקדמה? מיר זענען צו אייער דיספּאָזיציע. איך וועל אייך געבן מיין פריוואַטן אַדרעס און טעלעפאָן. טעלעפאָנירט ווען איר קענט קומען צו אונדז אין שטוב.

ס׳איז אָנגעקומען דער דערוואַרטער גליקלעכער טאָג.

קנאַקנדיק אין די נייע שיך, אָן אויסגעפּוצטער, פאָר איך קיין לוד. כ׳פיל זיך וויכטיק. איצט בין איך צו גלייך מיט אַלע מענטשן.

איך האָב אַפילו נישט געוווּסט ווען מיין פעטער קומט. מיינע אַר־בעטס־חברים, די טעלעפאָניסטין, דער הויפּטשעף, אַלע מיינע גוטע־ברידער, האָבן מיר עס צו וויסן געגעבן. איך, צוזאַמען מיט באַרימטע פּערזענ־לעכקייטן, פאָרן מיר אָפּוואַרטן מיין באַרימטן פעטער. זיי זענען אַריין אין באַר טרינקען טיי, איך בין אויך אַריין. איצט וועל איך גיין איינברענגען געלט?... כ׳האָב זיך צוגעזעצט צו צוויי פון די אָפּוואַרטערס.

זיצנדיק מיט האַרץ־קלאַפּעניש, זענען געקראָכן אין קאָפּ זלידנע גע־דאַנקען, ווי פליגן — ווי אַזוי וועט זיך צו מיר באַציִען מיין פעטער? כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז מיין מאַמע האָט גערדייט מיט דער נאָז אויף זיין

גוטסקייט... אויף מיינע בריוו האָב איך קיין תשובה נישט באַקומען. כ'האָב געוווּסט, אַז מיינע מעשיות וועגן אים זענען געווען ליגנס, פאַרבראָקט מיט אַ ביסל פאַנטאַזיע — אָבער, ער איז דאָך פאָרט אַ קרוב — האָב איך זיך געפּרווּוט טרייסטן.

— וויפל פעלט צום אָנקומען פון עראָפּלאַן? — האָב איך געפרעגט מיינע מיטזיצערס.

— ווען ווייסט איר? אַפּ?

— מיין פעטער מייזל.

— אָה, אַזוי? ער איז אייער פעטער? איר רייכערט? — האָט מען מיך מכבד געווען. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך קיין מאָל נישט גערייכערט, טיילווייז צוליב שפּאָרזאַמקייט, אָבער איצט האָב איך גענומען דעם סיגאַרעט. עס גיט צו מענערישקייט, כ'האָב אָבער מורא געהאַט פאַר ריי־כערן, עס וועט שטיקן, געהאַלטן אים אין דער האַנט, צו מיין מזל האָבן זיך מיינע מיטזיצערס אויפגעהויבן.

— קומט, מ'דאַרף שוין אַרויסגיין, איר אַלס קרוב דאַרפט איר אַוודאי זיין דער ערשטער.

כ'שטיי מיט באַרימטקייטן. איך, פּיווול מייזלס. דער עראָפּלאַן קומט. ערשט קליין, דערנאָך גרויס. אַ רעש, ער מאַכט קרייזן אַרום, אָט לאָזט ער זיך אַראָפּ. מ'הייבט אָן אַראָפּגיין. אַלעמענס אויגן געוואָנדן צו אים. אָט שטייגט אויס איינער, וואָס זעט אויס גאָר וויכטיק, אַלע מאַכן צו אים מיט די טיכלעך. מיט ווערדיקע טריט, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ פּערזענ־לעכקייט, גייט ער אַראָפּ. מען שטייט מיט בלומען. כ'דערמאָן מיך, אַז כ'וואָלט באַדאַרפן קויפן בלומען. אָבער זאָל עס זיין ער? כ'דערקען אים נישט. טאָקע גרוי געוואָרן, דיקער, אָבער כ'דערקען אים פאָרט נישט. אַוודאי — זאָג איך צו זיך — כ'פאַרגעס, אַז די צייט שטייט נישט. אַריבער פופצן יאָר ווי כ'האָב אים נישט געזען. כ'קוק, כ'צאַפּל פאַר שרעק, מיין פעטער איז געווען ענלעך צו מיין טאַטן עה"ש. געווען לייבלעכע ברידער. און דאָ... ער זעט נישט אויס ער.

איך שטיי צעמישט, אין פּחד און פרייד, און טרייסל זיך, גלאָץ מיט די אויגן.

מ׳האָט אים דערלאַנגט בלומען.

— ברוך־הבא! ברוך־הבא! — מ׳האָט צו אים געשטרעקט די הענט.

אין געדראַנג האָט מיך דאָרט דערזען מיין מיטזיצער פון באַר.

— גייט צו צו אייער פעטער, זייט נישט איבערראשט, כ׳פאַרשטיי אייך...

— הער מייזעלס, אויף אייך וואַרט אייער פּלימעניק, דער יונגער־מאַן, ר׳איז זייער עמאָציאָנירט, קיין וווּנדער...

— מיין פּלימעניק? — האָט די באַרימטקייט געקנייטשט דעם שטערן — כ׳האָב נישט אין ישראל קיין פּלימעניק. און אפשר? הלוואי! ווער ביסטו? ווי הייסטו? — האָט דער באַרימטער מענטש געפרעגט.

— כ׳בין פייוול... מיין טאַטע האָט געהייסן משה... זיין יינגסטער ברודער... אין אַמעריקע, אייב מייזיל... יאָ, אייב... מיין פעטער... — האָב איך קוים אַרויסגעשטאַמלט מיט אַנגסטן און תחנונים.

— איר האָט אַ טעות. איך האָב נישט געהאַט קיין ברודער משה. איך הייס נישט אייב מייזיל, כ׳בין דן מייזעלס. — האָט זיך די באַרימטקייט אַוועקגעדרייט אַן אומגעדולדיקער, מיט גרינגשעצונג.

עס איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער. מ׳האָט געקוקט אויף מיר פון אַלע זייטן.

— אַ צעדרייטער.

— זעט טאַקע אויס ווי אַ מייזל...

וואָס עס איז ווייטער געשען? — איך געדענק נישט. כ׳ווייס בלויז, אַז אַלע זענען אַוועק אין פּריוואַטע און אין געדונגענע אויטאָס. איך, ווי אַן אויסגעפּאַטשטער, נייך, ווי אַן אַראָפּגעפאַלענער פון עראָפּלאַן אויף דער ערד — בין אַוועק אַהיים.

אין דער היים. כ׳זוך אויס די צייטונג, כ׳האָב זי באַהאַלטן, זי האָט מיר כּלומרשט געבּרענגט גליק... כ׳קוק אַריין, איי, וואָלט איך זיך וועלן אויספּאַטשן! ס׳שטייט שוואַרץ אויף ווייס מייזעלס. סאַראַ גרויסער אידיאָט איך בין.

טראָץ אַלעם... איר וועט זיך וווּנדערן... די גליקלעכע וואָכן! ווער קען זיי אָפּשאַצן? ווי וואָלט מיר באַשערט געווען אַזעלכעס אַדורכצולעבן אָן דעם פעטער?! עפּעס אַ מישמאַש ביי מיר אין קאָפּ. ווי כ׳וואָלט איצט צוריק געוואָרן איך. כ׳פּיל ווידער, ווי דעמאָלט אַלס קינד, ווען כ׳האָב זיך געוואָלט פריידיק, זאָרגלאָז אויסוואַלגערן, אויסקייקלען אויף דער ערד, צי אין גראָז, ווי אונדזער הינטל פלאָף.

ס׳ערגסטע איז געווען אין ביורא. סתם זאָגן ליגן קען איך נישט. דער אמת מוז זיין פאַרבראָקט מיט ליגן, מיט אַ שיינעם ליגן. זאָגן אַז מיין פעטער מייזל איז נישט מייזעלס און איך בין בלויז מייזל? ער איז געווען אין אַמעריקע, געווען רייך, געווען עפּעס דאָרט אַ מאַכער, ר׳איז געווען. אפשר לעבט ער שוין נישט מער, מיין פעטער, כ׳ווייס נישט, ביין! כ׳קען נישט אַלץ זאָגן!

אַ טראַציקייט האָט אויפגעוואַכט אין מיר. כ׳וועל זיי גאָרנישט זאָגן. קיין גאַנצן אמת קען איך נישט דערציילן. וועל איך שוין בעסער שווייגן.

אָבער אַן אַנטפּלעקונג פאַר מיר:

אויב מיין קרומע, לאַנגע נאָז, מיינע קורצע, קרומע פיס, איז נישט דער גורם פון מיין שלימזל, — צו וואָס קוקן אַזוי פיל אין שפּיגל?

כ׳בין צוריק ביי דער אַרבעט. זיי ווייסן שוין אַלץ. מיינע בזיונות וויל איך נישט מער דערמאָנען. כ׳זיץ ביי מיינע פּאַפּירן, כ׳שווייג. אין אָנהייב האָט מען געחוזקט פון מיר, רינה האָט רק געשריגן, אַז ס׳לויפט אַ מייזל, מ׳האָט געחוזקט, געלאַכט. איצט איז שוין רויִק. די צייט האָט טיילווייז פאַרדעקט ביי זיך דעם זכרון.

און ווידער, ווי פריִער, טאָמער וויל איך אייליק ארויף אויף די שטיגן, זאָגט מען, אַז כ׳רייס זיך פאָרויס, קום איך פינף מינוט פריִער צו דער אַרבעט — זאָגט מען אַז כ׳וויל זיך דערמיט באַווייזן.

פון דער גאַנצער געשיכטע איז מיר געבליבן אַ פריידיקע און טרויעריקע דערמאָנונג. כ׳זיץ ווידער אויף דער באַנק, אויפן כיכר, כ׳טראַכט: ווידער זאַמלען געלט?

# הינטערן פּאָרהאַנג

פרייטיק נאָך מיטאָג האָבן זיך איינגעשטילט די קלאָרע, קינדערשע געזאַנגען וואָס הערן זיך אַ גאַנצע וואָך פון די בתי־מדרשים און תלמוד־תורהס.

קינדער זויבערע, אויסגעצוואָגענע, אין שבתדיקע שוואַרצע קאַפּאָט־קעלעך, שוואַרצע, רונדיקע היטלעך, מיט געדרייטע לאַנגע פּאהלעך, שיינענ־דיקע קלוגע אייגעלעך, טרייסלען מיט די ציצית, שפּרינגענדיק, לויפנדיק איבער דער גאַס מיט דער מאַמעס אַ פּאַרשפּעטיקטער שליחות. איינצלנע ווייבער מיט קוישלעך איילן אַהיים.

אין די גאַסן און געסלעך — מאַנצבילן אויסגעטובלטע, איבערגעטוענע אין די גלאַנציקע, שוואַרצע שבתדיקע קאַפּאָטעס, ווער אין שטריימלעך, ווער אין קאַפּעליושן, אויפגעהייטערטע, מיט צעבליצטע אויגן גייען זיי דעם שבת־קודש אַנטקעגן.

די אַלטע, פאַרחושכטע שמאָלע געסלעך, טונקעלע שטובן און אָפּגעשיילטע ווענט, — שטערן נישט די תושבים פון דער שכונה, אַריינגעטוענע אין העכערע עולמות.

די אויפרופן און קול־קוראס אויף די ווענט וועגן אָפּהיטן תורה און מיצוות, די וואָרענונגען צו דער יידישער טאָכטער זי זאָל נישט ניכשל ווערן, זי זאָל אָפּהיטן איר צנועתדיקן לבוש, אַלץ רופט, וועקט און ווירקט צו יראת־שמים.

חנה איז נאָך אַלץ אין איר טונקעלער קראָם מיט די פאַרשפּעטיקטע קונים, שוין צייט צו פאַרמאַכן די טירן, און די ווייבער — נאָר זיי שמועסן וועגן פּאָליטיק. חנה הערט זיך צו מיט חידוש צו די רייד: ווי זיי וואָלטן געהאַלטן מיט די ציוניסטן רחמנא־לצלן, און די אַראַבער, די טיפּשים, וואָלטן נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן זיי און אַנדערע יידן.

אַ שטראָף פון דעם אין הימל, אַז שומר־ומציל זאָל ער זיין. נו, באַלד

וועט זי שוין טאַקע פאַרמאַכן די טירן. עס זאָלן שוין מער נישט אַריין קיין פּאַרשפּעטיקטע קונים. כאָטש, אַוודאי איז זי להוט אויף קונים, אָבער איצט: גענוג! אַ גאַנצע וואָך פּאַרטון מיט הערינג און לאָקשן, זאַלץ און פּעפער, און וואָס נישט? אַפילו שיכבענדלעך און פאָדעם. איר אויסגעמוטשעטע גוטמוטיק פּנים איז היינט פאַרדאגהט, די אויגן פאַרוואָלקנט. נישט ווילנדיק רייסט זיך ביי איר אַרויס אַ זיפץ פון די פאַרפּרעסטע ליפּן, די ווייבער כאַפּן עס אויף, פרעגן באַזאָרגטע:

— וואָס איז אייך, חנה? איבער דער פּאָליטיק, צי חס־וחלילה נישט מיט אַלעמען היינט?

— עט. מיטן אייבערשטנס הילף, עס וועט איבערגיין.

— איך פיל זיך אויך היינט...

חנה ווערט אומגעדולדיק. איר קאָפּ איז נישט דערביי אויסצוהערן וועגן יענערס מיחושן, באַלד וועלן אַנדערע אויך אָנהייבן דערמיט. זי קוקט צו דער טיר.

— עס רוקט זיך אָן דער שבת־קודש, מען דאַרף אים חלילה נישט פאַר־שעמען, זיך באַצייטנס אַרומוואַשן, איבערטאָן. — די ווייבער פאַרשטייען דעם רמז, פּאַקן אייליק אַריין די איינגעקויפטע זאַכן אין די קוישלעך.

דער שבת איז אַריינגעדרונגען מיט יִראת־הכבוד, זיך אָפּגעשפּיגלט אין די אָנגעצונדענע ליכט, אין די בלאַנקענדיקע מעשענע לייכטערס און וייסן טישטעך, אינעם געהאָפּטענעם מיט בלומען און פייגל טישטעכל אויף די צוגעדעקטע חלות, אָפּגעשלאָגן זיך מיט גלאַנץ אין דער פלאַש ווין און בלאַנקענדיקן כוס.

בלויז חנהס אויגן, אָפּגעדעקטע נאָכן ליכט־בענטשן, האָבן נישט אין זיך דעם לייטזעליקן מנוחהדיקן שבתדיקן שיין. גיכער זעען זיי אויס ווי אויס־געוואַשענע פון טרערן, ווי נאָך דער תחינה ערב יום־כיפּור, פאַרן גיין אין שול אַריין.

ר׳ אַברהם מיט די צוויי בנים זענען געקומען פון דאַוונען. ער אין אַ שטריימל, די זין אין שוואַרצע קאַפּעליושן.

נאָכן „גוט־שבת" צום ווייב מיט דער טאָכטער, הייבן זיי אָן זאָגן:

„שלום־עליכם, מלאכי השרת״... ר׳ אברהם שפּאַנט איבערן חדר, די ווערטער זאָגט ער מיט כוונה, ער מרוזשעט דערביי און פאַרמאַכט די קורצזיכטיקע אויגן. די האַלב־געלע, האַלב־גרויע באָרד צעקעמט, די פאות שבתדיקע, פריש געדרייטע, דאָס ראָזלעך פּנים מיט שטרענגן ערנסט. חנה מיט דער טאָכטער גייען אין קיך אַריין און אַרויס, גרייטן דאָס עסן.

עס האַלט ביי קידוש מאַכן. ר׳ אַברהם קוקט זיך אַרום. מרוזשעט די אויגן מיט חידוש. ער באַמערקט ערשט איצט אַז זיין אַלטע מאַמע פעלט ביים טיש.

— נו, און די באָבע? רבקה, רוף די באָבע.

— די באָבע איז ברוגז. ליגט אין בעט. וועט היינט נישט קומען צום טיש. אַזוי האָט זי געזאָגט.

— וואָאס? היינט נישט קומען צום טיש? חנה, רוף די מאַמע — האָט ער זיך געוואָנדן צום ווייב.

— דיין מאַמע איז אָנגעדראָלן צוליב מאירן. כ׳האָב איר חס־וחלילה קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט, בלויז איבערגערעדט וואָס זי...

— ששאַ! דיינו, שבת היום.

ער איז מיט גיכע טריט אַריין אין אַלקער צו דער אַלטער מאַמען. אַלע זענען געבליבן זיצן שווייגעוודיק, פאַרוואָלקנט, חנה מיט אַ פאַרפּרעסט מויל, מאיר, דער בכור, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, רבקה — אָפּגעדרייט דעם קאָפּ פון מאירן, נישט צו קוקן אויף אים. דער יינגערער זון, יהודה, שטאַרק ענלעך צום טאַטן, האָט אַראָפּגעלאָזט זיין גוטמוטיקן בליק אויפן טישטעך, זיך געשאָקלט.

ר׳ אַברהם איז צוריקגעקומען אַליין. אַן אָנגעכמאַרעטער זיך געלאָזט צום טיש, אָנגעגאָסן אַ כוס ווייַן צום קידוש. ווי זיך עפּעס דערמאָנט, צוגעגאַנגען צו דער טיר, ברייט געעפנט די טיר צום אַלקער פון זיין אַלטער מאַמען, זי זאָל הערן דעם קידוש. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט.

דאָס באַטעמטע שבתדיקע עסן, די זמירות האָבן נישט אויפגעהייטערט די געמיטער. אַלץ איז אָנגעגאַנגען מיט אָנגעשטרענגטער שטילקייט. די שלווה און געמיטלעכקייט פון די שבתים איז היינט צעשטערט. עפּעס איז

נישט כשורה אין שטוב. די ליכט שטעקן נאָך מער ווי אַ העלפט אין די לייכטערס. אָנגעשפּאַרט מיט זיין לענגלעך איידל פּנים אויף די עלנבויגנס, קוקט מאיר זייטיק, מיט פּאַרדרוס אין זיין שוועסטערס זייט. זי לייענט „פּנים־אל־פּנים". ער קוקט אויף איר בלעטערן דעם זשורנאַל, אויף איר מכלומרשטער פּאַרטוענקייט, ער טראַכט: דאָס רוישיקע בלומענקלייד פאַר־קנעפּלט ביז אַרויף — טראָגט זי גוט פאַרקנעפּלט אין זיך דאָס פרומע רישעות, זיין שוועסטער... אַ טיפּשה. מיט קעצישע שטיק און פאַרשטעלטע אָנצוהערענישן האָט זי געבישטערט, געזוכט ביי אים חטאים ביז זי האָט געפונען, אים פאַרמסרט פאַרן טאַטן.

אַ טאָג נאָך שבת איז עס געווען.

ר׳ אַברהם האָט באַמערקט אַז מאיר פעלט צו שחרית אין בית־המדרש. ער איז אַהיימגעקומען אָן אויפגעבראַכטער, געמיינט אים טרעפן אין שטוב דאַוונען. מאיר איז נישטאָ אין שטוב. ר׳ אַברהם נעמט אַ ספר, זעצט זיך לערנען אַ שיעור. קוקט אָבער צו דער טיר, קוקט צו די ווייזערס פון זייגער, שפּעט שוין. ער רוקט אַוועק דעם פאָרהאַנג פון פענצטער, קוקט אַרויס אין דרויסן, קנייטשט דעם שטערן מיט רוגזה. ער איז אומרויִק. זלידנע גע־דאַנקען באַפאַלן אים.

פאַראַן עטלעכע לייט אין בית־המדרש וואָס אַנשטאָט מעיין זיין אין די הייליקע ספרים, רעדן זיי פּאָליטיק, שמועסן גאָר וועגן מלחמה, פאַראַן אַ סך וואָס וועלן צושטיין צו די פושעים, וואָס ברענגען אומגליק אויף דער הייליקער ערד מיט זיין הפקרדיק פירעכץ, רחמנא־לצלן.

די באָבע זיצט, שטריקט. דאָס גרויע שטערנטיכל פאַרבונדן אויפן קאָפּ. די דיקע ברילן אַ ביסל אַראָפּגערוקט. זי קוקט מיט אירע קלוגע, טיפע, ברוינע, קורצזעיִקע אויגן אויף איר זון. די הענט אַרבעטן געניט. אַ שטומע אָנגעלאָדנקייט אין שטוב. חנה איז שוין דאָ אויף מיטאָג. מאיר נאָך נישט. נישט געווען אין קראָם, ווי דער טאַטע האָט געמיינט.

עס קומט אָן רבקה פון בנות יעקב־שול. אויך יהודה איז דאָ. אַלע קוקן צו דער טיר מיט דערוואַרטונג אויף מאירן.

— מ׳שמועסט אַז די אַראַבער גייען מאַכן מלחמה. אַלע רעדן.

— דברים־בטלים רעדן אַלע. האָסט נישט וואָס צו טון? — האָט דער פאָטער שטרענג אָנגעקוקט רבקהן.

— מיר זאָגט עס דער טאָטע? — האָט זיך ביי רבקהן אָנגעכמאַרעט דאָס פנים און די בלויע אומרויִקע אויגן האָבן זיך אָנגעשפּיצט. זי איז אַריין אין צווייטן חדר, געבראַכט עטלעכע ביכער, זיך געזעצט ביים טיש, מיט כלומרשטער פאַרווונדערונג געעפנט די ביכער.

— „כל כתבי ברנר".

יהודה קנייטשט דעם שטערן, קוקט זיך איין אין די ביכער. ר' אַברהם שטעלט זיך האַסטיק אויף.

— וואָס טוט זיך עס אין מיין שטוב? רבקה, דו לייענסט די טרייפענע פסולת? אַזוי איז מען דיך מדריך אין בנות־יעקב־שול?!

— איך גאָר? דאָס זענען מאירס ביכער. ער לייענט זיי. און ער באַהאַלט זיי. איך האָב זיי געפונען גוט פאַרדעקט.

— מאיר? מאיר דער עילוי? מאיר? מיט דעם?...

— אַ נייעס... מען האָט אים אַ סך מאָל געטראָפן רעדן מיטן תימנישן מיידל אין דעם חצופהשן קורצן קלייד, מיט די קורצינקע אַרבל. זי לערנט זיך אויף קראַנקן־שוועסטער און די מוטער אירע מאַכט ספּאָנדזשע.

— חנה, דו הערסט?

— נו, דו ווייסט שוין אַלץ...

— אַלץ? נישט אַלץ. ער גייט אויך צו די ציוניסטן.

— צו די ציוניסטן גייט ער?!

— ער איז נישט דער איינציקער... — האָט חנה מוטערלעך געוואָלט פאַרגלעטן.

— איינציקער, שמיינציקער, אויך מיר אַ נחמה... חנה, דו האָסט עס געוווּסט און עס באַהאַלטן?

דער באָבעס הענט ציטערן שטריקנדיק.

— רבקה! ווי שעמסטו זיך נישט רעדן רכילות אויף דיין לייבלעכן ברודער?!

— רכילות? און דאָס וואָס איז? — ווייזט ער אויף די ביכער — און

דו, יהודה, גלאָצסט אויך אויף „דעם" מיט די אויגן. וואַרף עס אַרויס! ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן זיין מוטער. די קורזיכטיקע אויגן פינטלען נערוועז.

— צו די ציוניסטן גייט ער. צו די ציוניסטן גייט ער... צו די אַפּיקורסים.

די באָבע שאָקלט קלוג און פולדייטיק מיטן קאָפּ:

— געדענקסט ווי מיר זענען אַנטלאָפן אַהער פון די פּאָגראָמען?...

— נו?

— אַוודאי. ער איז אַן אויפּשפּראָץ פון דאַנען, זיינע וואָרצלען שטעקן דאָ. דאָ איז ער מיט זיין גאַנצן האַרץ.

— נו? און וועלכער ערלעכער ייִד איז קעגן הייליקן לאַנד?

— זיי ווילן זיך נישט לאָזן אויסראָטן, ממיתן.

— זיי? זיי ווילן זיך נישט לאָזן? און ווו איז דער רבונו־של־עולם?

— מיט זיי.

— די פרומע באָבע זאָגט עס? די שומרת־מיצוות און מידות־טובות...

— וואָס האָבן זיי געמאַכט פון הייליקן לאַנד? און די עיר־הקודש איז נישט אָפּגעהיט פון זיי. גוואַלד צו שרייען! רייסן זיך די האָר פון קאָפּ! קריעה רייסן! ווען דער רבי ר׳ עמרם וועט געוווּיער ווערן וואָס עס טוט זיך אין מיין שטוב... וואָס פאַר אַ רייד, וואָס פאַר אַ טוונגען... איצט איז מיר שוין קלאָר פאַר וואָס ער איז נישט מסכים זיך צו פאַרקנסן מיט ר׳ ברוקס טאָכטער. מסתמא איבער דער תימנערין. אַ קליינינקייט אַזאַ ייִחוס, אַזאַ גליק־שידוך. אויף וועלכע דרכים גייט ער...

מאיר איז אָנגעקומען. אַ הויכער, מיט די לאַנגע שוואַרצע פאות הינטער די אויערן, דאָס פנים מיד. די שוואַרצע ברענענדיקע אויגן האָבן זיך אַרומגעקוקט איבערן חדר, אַלעמען אַדורכגענומען. עפּעס איז נישט כשורה אין שטוב. אַלע האָבן געקוקט צו אים.

— ווו ביסטו אַהינגעקומען? נישט געווען אין בית־המדרש. נישט אין קראָם.

— כ׳האָב געדאַוונט.

— ווי דען, חלילה נישט געדאַווענט? געדאַווענט... געהערט רייד?

מאיר שווייגט. טראַכט: דער טאַטע וועט עס נישט פאַרשטיין. ער וואָלט גערן אַנטלאָפן, נישט צו האָבן קיין איבעררייד מיטן טאַטן, אָבער וווהין? און ווי אַזוי קען ער עס טון?...

— מ׳ווייסט שוין, מ׳ווייסט וועגן דיר. דו לייענסט טריפה פסולת, דו גייסט צו די ציוניסטן. און דו...

— איך בין נישט קיין פּופּע, וואָס איר וועט מיך ציִען אויף אַ שטריקל וווהין צו גיין.

— השם ישמרנו! וואָס מיינע אויערן הערן! אַזאַ עוכר־ישראל! אַזעלכע רייד פון אַ יודע־ספר? עס פּאַסט פּאַר אַ פּרא־אָדם! — מיט אַ מאָל גיט דער טאַטע אַ טריט פאָרויס און אַ פּאַטש הילכט אָפּ, רייסט אויף די אָנגעשטרענגטע שטילקייט. חנה, אַ ציטערדיקע, מיט פייכטע אויגן, גייט צו צום פענצטער, פאַררוקט געדיכט די פאָרהאַנגען צו דער גאַס.

זייט יענעם טאָג, אַ גאַנצע וואָך, אַן אָנגעלאָדענער ברוגז אין שטוב. מאיר רעדט נישט מיטן טאַטן.

די אַלטע שוויגער, די באָבע, האָט מאירן פאַרשוויגן זיין חוצפה און אים דערצו פאַרטיידיקט. דווקא זי, די פרומע באָבע, זאָגט מאירן נישט קיין מוסר. און איר השפעה אויף אים איז גרויס. מאיר איז ביי איר ווי אַן אויסגעצערטלט בן־יחידל. געפאָלגט וואָלט ער — ווען זי מוסרט אים. זי האָט עס נישט געטון. ער איז ענלעך צו איר, צו דער באָבען, דערפאַר האָט זי אים מער ליב... זי איז אַפילו מסכים ער זאָל גיין צו די ציוניסטן.

חנה איז צופרידן צו געפינען אַ מיכשול אויף איר שוויגער, כאָטש די שוויגער העלפט אין דער שטוב, האַלט ריין איר אַלקער, וואַשט אַליין אירע וועש. אָבער רבקה איז נישט צופרידן צו שלאָפן צוזאַמען מיט דער באָבען אין אַלקער, מיטן גערוך פון דער באָבעס שמירעכצן צו אירע וויטיקן.

חכמה אַהין, חכמה אַהער, צדקת אַהין, צדקת אַהער. אָבער די סדרה פון דער וואָך מיטן „ספר הישר" און „נחלת צבי" לייענט די אַלטע אויף יידיש פון דער צאינה־וראינה. און זי, חנה, קען זיך פאַרגינען לייענען

אַ ספר אין לשון־קודש, און פאַרשטייט טאַקע גוט לשון־קודש. און אַלע זאָגן אויף דער שוויגער אַז זי איז גאָר די קענערין.

זי מוז האָרעווען אין קראָם. די בני־בית העלפן בלויז צו ביסלעך אַרויס. העלפן מער אין די דאַנערשטיקס. אָבער דאָס גאַנצע קאָפּ־ברעכעניש איז אירס. און יענע איז די חכמה... חנה טראַכט דאָס אַלץ, אָבער זי וואַגט עס נישט אַרויסברענגען. זיין אַ שלעכטע פאַר דער שוויגער? פאַרט כיבוד־אם.

זי ברענגט בלויז אַרויס אַ קרעכץ, אַ זיפץ, דרייט מיט דער נאָז אויף אַ סך פון דער שוויגערס זאָגעכצן און טוונגען אין שטוב. עס רייסט זיך אַרויס אַן אומצופרידענע אָנצוהערעניש אָבער צו קיין קריגערייען קומט חלילה נישט, און אירע גוטמוטיקע אויגן קוקן ווייטער מיט תמימות און פאַרזאָרגטקייט.

די באָבע ליגט אין אַלקער, די קריזשעס ברעכן, די ווענט פון אַלקער גרויע, די פאַרב שיילט זיך. דאָס מעבל אַלט. אַקעגן איבער דער באָבעס בעט, ביי דער צווייטער וואַנט, נאָך אַ בעט, צוגעדעקט מיט אַ געבלימלטע דעק, אַן אַלטע שאַנק, אַ טישל, אַ פאָליצע מיט עטלעכע ספרים. די באָבע קוקט צו די ברענענדיקע שבת־ליכט אויפן טישל. אַריינקוקן אין אַ ספר ביי נאַכט קען זי שוין נישט. דעם ניסיון פון אירע קנאָפּע אַכציק יאָר שלעפּט זי מיט זיך. יונגע ווייבער פון דער שכונה קומען צו איר. זי זונדערט זיך אָפּ מיט אַיעדער פון זיי. זיי שעפּטשען צו איר שטיל שאלות און דאגות. פאַרן יונגן בני־בית איז דאָס אַלץ פול מיט נייגעריקער סודותדיקייט, אָבער קיינער וואַגט נישט צו געבן דעם מינדסטן רמז. דער זקנהס מויל איז פאַרשלאָסן, רבקהן מוז זי אָפּט אַרויסשיקן, זי זאָל נישט אונטערהערן.

„רבקהלע איז אַ מויד אַ ברען קיין עין־הרע. — אַזוי טראַכט די באָבע — עס גייט איר דאָס פופצנטע יאָר. זי וואָלט נאָך גערן אָפּגעטון קונדסישע שטיק, אָבער זי מוז זיך האַלטן אין דער מעלה. זוכט זי, נישטערט, וויל אַלץ וויסן, לויפט אַרויס צו חברטעס, שושקעט זיך, ווער ווייסט וועגן וואָס? אָבער קיין ניבול־פה וועט דאָס חלילה נישט רעדן

מיט אַזעלכע ריינע אויגן. אָבער פון רכילות איז זי נישט אָפּגעהיט. איצט איז זי אויך געוואָרן אַ פּאָליטיקערין. די שונאי־ישראל שלייפן ווידער די ציין אויף אונדזער פאָלק, אַז דער אין הימל זאָל זיך מרחם זיין. רבקה קוקט נאָך, ווער פון דער שכונה האַלט מיט די ציוניסטן און טראָגט צו דער מאַמען די ידיעות. מאַכט אָן אַ רעש אַרום זיך. אַ ליאַדע וואָס, אַ ווערעמל, אַ מייזל, גיט זי אַ קוויטשע, אַז די אויערן פּלאַצן. מילא, זי וועט שוין קומען ,מירצעשעם׳ צום שכל״.

און זי, איך רבקהס עלטער ?

אַוודאי האָט זי אויך געהאַט אירע שטיק. ליב געהאַט ליגן אויפן גראָז, קוקן צום הימל.

נישט ווייט פון זייער שטוב איז געווען אַ סאָד. זי איז אָפּט געגאַנגען אַהין קויפן ירקות, קאַרשן. ווען דער סעדער האָט געריסן די קאַרשן, האָט זי זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז צווישן ביימער, געקוקט ווי די צווייגן טאַנצן אויפן באַריר פון ווינט, ווי די פייגל שפּרינגען פון צווייג צו צווייג. און ווען דער סעדער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער זי גערופן אומגעדולדיק:

— נו, קום זשע אַהער. וואָס גאַפעסטו זיך תמיד צום הימל? וואָס זעסטו דאָרטן?

— וואָס איך זע?... אַ סוד פאַר מיר — האָט זי געענטפערט.

יאָ, אַלץ אַדורך, אַוועק. געבליבן בלויז מידקייט. זי ווייסט אַז זי וועט זיך ווידער צוטוליען צו דער ערד. די ערד איז איצט קאַלט. נישט ווי דעמאָלט. אָבער נישט פאַראַן קיין פּחד צו דער ערד. אַוודאי, זי וויל נאָך לעבן. אָבער זי גרייט זיך צו, טראַכט אין זיך: צוריק צו דער מאַמען. אין דער הייליקער ערד וועט עס זיין. אַ גרויסער זכות פאַר איר. און ווען עס וועט זיין דער רצון פון השם־יתברך, קען דען זיין אַנדערש?

ביחידות, ווען ס׳איז שטיל אין דרויסן, שטיל אויף דער נשמה, דרינגען אַריין מחשבות אומבאַגרייפלעכע, בלויז געאַנטע ועגן אייביקייט און העכערער השגחה. פריִער האָבן אין איר נשמה געשטורעמט הרהורים, ווי בייזע ווינטן. דער אָטעם איז אַזש געוואָרן פון זיי שווער. און ביי נאַכט פלעגט זי זיך אויפכאַפּן אַ באַגאָסענע מיט שוויס. אַ פאַרהאַנג האָט זיך

שוין אַראָפּגעלאָזט איבער יענע טעג. דער סדר פון די געשעענישן איז שוין פאַרלוירן געגאַנגען ווי אין אַ נעפּלדיקער ווייטקייט. וואָס האָט זי שוין היינט צו געדענקען? אַ חתן, אַ גבר, אַ בן־תורה, וואָס די עלטערן האָבן ערגעץ אַוועקגעשיקט, כדי זי זאָל חתונה האָבן מיט אַ סך אַן עלטערן פון איר, געלן באַבערדלטן שוואָגער. ער איז געבליבן אַן אַלמן נאָך איר לייבלעכער שוועסטער, אַז זי זאָל ווערן די מאַמע צו איר שוועסטערס קינדערלעך, די יתומים. זיי האָבן נאָך נישט אויפגעהערט צו טרויערן נאָך איר שוועסטער, וואָס איז אַזוי יונג אַוועק פון דער וועלט, און שוין קוקן זיי צו איר און שושקען זיך מיט די מומעס און פעטערס.

זי האָט זיך געלאָזט שלעפּן אומוויליק דורכן גורל, ווי מ׳שלעפּט עמעצן אויף אַ שטריק. זיך כסדר אויסגעדרייט אויף צוריק, און איז דאָך געגאַנגען אַ געשלעפּטע. קען מען זיך דען אַליין אויסקלייבן אַ וועג? דער אין הימל באַשטימט. אַ פרומע יידישע טאָכטער דאַרף טון דעם רצון פון די עלטערן. דערנאָך דעם רצון פונעם מאַן, דעם געוועזענעם שוואָגער, פאַרליידן זיין פאָנפען, געבוירן אים אַלע יאָר אַ קינד.

זענען אויך אַוועק צוריק מער ווי אַ העלפט פון די קינדער, פון קינדערשע מחלות. אדוני נתן, אדוני לקח. זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַן עונש פאַר אירע זינדיקע און ווידערשפּעניקע הרהורים, ווייל: „רחל לאה שתחיה, רחל לאה שתחיה״ — האָבן געטאַנצט די אותיות פאַר אירע אויגן פון יענעמס בריוו צו איר. געווען איז זי באַוועלטיקט מיט לוסט געליבט צו ווערן רק פון יענעם, איר געוועזענעם חתן.

מיט קיין איין וואָרט האָט זי נישט מרמז געווען וואָס אין האַרצן טוט זיך. דער בליק האָט געבלאָנדזשעט, — וועמען, וועמען זיך פאַר־טרויען? נישט געפונען קיינעם, מורא געהאַט צו רעדן.

פאַר וואָס דאַרף דער עונש פון די זינדיקע געדאַנקען פאַלן דווקא אויף אירע קינדער? אויף די קינדער וואָס זענען אַוועק? די ערגסטע שטראָף האָט זי באַקומען...

אָפּצושרייען די שלעכטע מחשבות האָט זי זיך געוואָנדן צום יודע־הכל, געזוכט אַ חיזוק אין אמונה. זי פלעגט ראש־השנה און יום־כיפור,

די גאַנצע צייט פון די תפילות, שטיין אויף די פיס, זיך נישט אָוועק־געזעצט אַ רגע, בלויז זיך אָנגעשפּאַרט אָן שטענדער.

מיטן אַלעמכטיקנס הילף האָט זי עס אויסגעהאַלטן אַלע יאָרן: תהילים, תפילות צום בורא־עולם וואָס קען אַלע פאַרהוילענישן פון דער נשמה. די תפילות האָבן געעפנט טויערן צו ריינקייט. ווען דער בליק איז ריין, זעט מען אַלץ ריין, און איצט בעט זי ביי דעם אין הימל, אַז זי זאָל שוין האָבן אָפּגעקומען פאַר אירע קינדער און אייניקלעך.

אַוודאי נסיונות אין לעבן, דער אייבערשטער האָט זי אויסגעפּרוווט. און היינט האָט זי נישט פאַרשטערט אין שטוב דעם שבת? זי האָט נישט געקענט אין זיך גובר זיין דעם כעס אויף חנהס טענות צו איר וועגן מאירן. זי ווייס ווויל, אַז חנה איז פאַרביטערט דערפאַר וואָס זי טראָגט נעבעך דעם עול־פרנסה. אָבער אַזוי איז דער שטייגער. אַברהם וועט זיך חלילה נישט אָפּרייסן פון לערנען. אַ רחמנות אויף מאירקען, אַ חתן־בחור, געוואָרן פאַרשעמט, אַ פּאַטש...

זי זעצט זיך אויף אויפן בעט. שרייט אַריין אין צווייטן חדר:

— מאיר, יהודה, ווער איז דאָרטן? זייט אַזוי גוט. כ'האָב חשק טרינקען אַ גלאָז וואַסער.

— וואָס מאַכט די באָבע? כ'האָב געמיינט די באָבע שלאָפט.

— וויפל דאַרף איך שוין שלאָפן?...

מיט אירע דורכדרינגענדיקע אויגן נעמט זי אַדורך מאירן. דער שמייכל אירער, פול מיט ליבשאַפט, צעשיינט איר פנים, די אויגן, מאַכט שיין איר לענגלעך צעקנייטשט פנים.

רבקה איז אַריין מיט אַ קוכן אויף אַ טעלער.

— די באָבע זעט? איך אַליין האָב היינט געמאַכט דעם קוכן לכבוד שבת. די באָבע קען טועם זיין ווי גוט ער איז — האָט זי געזאָגט באַרי־מעריש.

— דו ביסט אַ בריה קיין עין־הרע. עס האָבן אָבער נישט קיין ייִדישן טעם די קוכנס, פאַרפּאַטשקעט פון אויבן מיט „קעעעכץ“, קרעם. עס קומט נישט צו אַ שטיקעלע האָניק־לעקעך.

רבקה, אַ ברוגזע, ציט מיט די פּלייצעס. וואָס פאַרשטייט זי... זי קוקט פאַרשנדיק אויף דער באָבען מיט מאירן. דער קלוגער בליק פון דער באָבען באַמערקט עס.

— אוי, רבקהלע, ביסטו אַ „שטיקל", אַ וואָרע סוחרטע, אַ געזונט אויף דיר. זע רבקה, דו האָסט זיך מאָדערנע אויפגעקעמט, אָנגעצויגן צו פיל דעם פּאַסיק אויפן ברייטן קלייד. „ווער עס וויל גאווה טרייבן, מוז ווייטיק ליידן"...

רבקה איז אַרויס ווי אַ געכאַפּטע ביי אַ גנבה.

די באָבע קוקט אויף מאירן. קוקט אים אין די אויגן, וואָס זענען ענלעך צו אירע ברוינע אויגן, קוקט, אָן ווערטער. עס האָט זיך געצויגן פון איינער צום צווייטן אַ פאַרשטענדעניש, אַ געהיימער כוח.

ווען רבקה איז צוריקגעקומען מיטן קוכן, האָט זי די מוטער געפרעגט:

— וועגן וואָס האָבן זיי געשמועסט?

— איך האָב נישט געקענט הערן — האָט רבקה געענטפערט אַן אָנגעכמורעטע.

ר' אברהם האָט אָפּגעלייגט זיין שמועס מיט זיין אַלטער מאַמען אויף זונטיק פרי, ווען אויסער איר איז קיינער נישטאָ אין שטוב.

די זקנה האָט שוין צעוואָשן דאָס געשיר פונעם שבתדיקן עסן, צו־געראַמט די שטוב, פאַרדעקט דעם גרויסן שווערן טיש מיט אַן אַלטן געבלימלטן טישטעך. זי שפּרייזט אַרום איבערן צימער, גלייכט אויס די אַלטע אויסגעבעטע שטולן, רוקט אַוועק אָן אַ זייט די אָפּגעבליאַקעוועטע פאַרהאַנגען אויף די פענצטער, עס זאָל אַריין פרישע לופט. שטעלט־גלייך די ספרים אין ספרים־אַלמער.

אַ הויכע, פאַרבונדן דעם קאָפּ מיטן שטערנטיכל, קוקט זי מיט דורכ־דרינגענדיקע אויגן, מיט אומרו אויפן זון וואָס איז עפּעס פריִער געקומען היינט פון שחרית־דאַוונען. ער איבערבייסט נישט־ניחאדיק, שווייגט אָנ־געכמאַרעט, בענטשט, זעצט זיך ביי אַ ספר, שטעלט זיך אויף, שפּאַנט איבערן חדר. קוקט אַרויס אין דרויסן.

די זקנה זעצט זיך אַוועק שטריקן. זיצט אַפּוואַרטנדיק...

ר׳ אברהם דרייט זיך אויס, נעמט די באָרד אין האַנט, ציפּט זי, די קורצזיכטיקע אויגן קוקן פאַרדאגהט און פאַרלוירן. די זקנה זעט עס, זי פאַרשטייט אַז עס גרייט זיך ווידער עפּעס. זי וואַרט אָפּ — ער שפּאַנט ווידער אַרום איבערן חדר, שטעלט זיך אָפּ נעבן זיין מאַמען.

— מאַמע, מאיר איז שוין ווידער היינט נישט געווען אין בית־המדרש.

— מסתמא געדאַווענט ערגעץ אַנדערש.

— אויף פאַלשע דרכים גייט ער, די מאַמע האָט דאָך אַלץ געהערט.

— מאיר, אויף פאַלשע דרכים? חס־וחלילה, מאיר וועט גיין אויף פאַלשע דרכים? ער וויל ערלעך דינען צו הקדוש־ברוך־הוא, נישט מיט פאַלשקייט אין האַרצן.

— וואָס רעדט די מאַמע? ער לייענט טריפה פסולת, עבירה גוררת עבירה, ער וועט חלילה אַוועקוואַרפן דאָס לערנען תורה. נישט מסכים מיטן שידוך. מ׳זאָגט, ער פירט אַ ליבע מיט עפּעס אַ חצופה פון יענער זייט.

— איז דען אַן עבירה חתונה האָבן דורך אהבה? להיפּוך. וואָס ווילסטו אים צווינגען צום שידוך? אין מיינע צייטן האָט מען געצווונגען צו שידו־כים. על־פּי דין איז דען נישט אָסור צו צווינגען, ווען איין צד איז נישט מסכים? זי איז אים נישט צום האַרצן די ר׳ ברוקס טאָכטער. און פון וואַנען ווייסטו אַז יענע איז אַ חצופה? ווי אַזוי רעדסטו וועגן אַ ייִדישער טאָכטער?

ר׳ אַברהם האָט אָנגעקוקט זיין מוטער מיט חידוש. געטראַכט, אַז זי איז עובר־בטל. ער האָט זיך איינגעהאַלטן נישט ניכשל צו ווערן, נישט פּוגע־בכבוד זיין זיין אַלטער מאַמען. ער איז געשטאַנען, געציטערט מיט איינגעהאַלטענעם כעס און פאַרלוירנקייט.

זי רעדט עס צוליב גרויס ליבשאַפט צום אייניקל, אַנדערש קען נישט זיין — האָט ער איר געזוכט אַ זכות.

— צו די ציוניסטן גייט ער, און די מאַמע איז גאָר מסכים דערצו?

— מיט אהבת־הלב זענען זיי זיך מוסר־נפש פאַרן עם־ישראל. צי איז עס ווייניק?

— זיי דערווייטערן די גאולה.

— ווער זאָגט עס? חלילה, דיין רבי ר׳ עמרם זאָגט עס... מיט וויפל הייליקער ציטערניש זענען מיר געקומען אַהער צו דער הייליקער ערד, אַוועק פון די רשעים, פון די צוררי־יהודים, פון די פּאָגראָמען, קיין זכר איז דאָרטן נישט געבליבן פון אונדזער גאַנצער משפּחה. די שׂונאים שלייפן תמיד די ציין אויף אונדז.

— מאַמע, איך פאַרשטיי נישט! אַלע זאָגן די מאַמע איז אַ צדקת...

— איר זייט מגזם וועגן מיר. איך בין נישט מער ווי אַ פּשוטע אַלטע אישה, אָבער חלילה נישט קיין אַפּיקורסטע.

— חנה וועט אַזוי נישט רעדן.

— חנה איז אַ בר־דעת, זי וועט נישט רייסן קריעה וואָס מאיר גייט צו די ציוניסטן.

ר׳ אַברהם צעשפּרייט די הענט אומבאַהאָלפן, טראַכט:

אַ שטראָף פונעם אייבערשטן אויף אים. ער האָט שטאָלצירט מיט זיין מאַמען, געטראַכט מיט גאווה אַז זיין מאַמע איז נישט אַזוי ווי די שוויגער זיינע, חנהס מוטער פון בני־ברק. יענע איז אַפילו עפּעס יִנגער פון דער מאַמען, גייט זי אַרום ווי אַ שטן, שאַרט די פיס, רעדט תמיד דאָס אייגענע בלויז וועגן די פּאָגראָמען, וואָס זי האָט בייגעוווינט, מ׳נעמט זי נישט ערנסט, קיינער וויל זיך צו איר נישט צוהערן, מ׳זאָל נישט זינדיקן.

ער רעדט צו איר ווי אַן אויסגעלאָשענער:

— און איך האָב געטראַכט, די מאַמע וועט מיט אים איינטענהן, אויף אים משפּיע זיין. דער מאַמען וועט ער פאָלגן. כ׳האָב שוין איבערגערעדט וועגן זמן פון די תנאים. יאָ, איך האָב עס שוין לאַנג געדאַרפט פאַרשטיין, ווען ער האָט אָפּגעזאָגט צו גיין מיטן גערעכטן צאָרן קעגן די מחלל־שבתניקעס, די פאָרערס אום שבת.

— אַוודאי, מאיר האָט נישט געוואָלט מחלל־שבת זיין.

ר׳ אברהם קוקט אויף זיין מאַמען פאַרלוירן און שטום, הייבט ווידער אָן שפּאַנען איבערן חדר.

— כ׳וועל מיר שוין מיטן אייבערשטנס הילף מיין שטעטל אַליין

באַשטיין. ער וועט שוין פאָלגן. איך מוז דערגיין וואָהין ער פאַרשווינדט.

די זקנה האָט געאַרבעט גיך מיט די שטריקנאָדלען. פונעם פּנים האָט אַראָפּגעקוקט דאגה. אויף יעדן אָפּהילך פון דרויסן האָט זי אויפגעהויבן די אויגן. געקוקט דאָ צום פענצטער, דאָ צו דער טיר.

ערשט אין שפּעטן נאָכמיטאָג ווען די גאַנצע משפּחה איז שוין געווען אין שטוב איז מאיר אָנגעקומען אַ פאַרמאַטערטער, די קאַפּאָטע אָן אויס־געריסטע,

דער פאָטער איז צוגעשפּרונגען צו אים :

— ווו ביסטו אַהינגעקומען אַ גאַנצן טאָג ?

מאיר, מיט די פּאות הינטער די אויערן, אַ מידער, פאַרשוויצטער, שטייט אַקעגן טאַטן און שווייגט.

ווו האָסטו זיך אַרומגעשלעפּט ? פון וואַנען קומסטו אַזאַ צעיאַכמער־טער, אין אַזאַ הולך ?

מאיר ענטפערט נישט. ר׳ אַברהמס פּנים איז בלאַס, די אויגן שיטן פונקען פון כעס. דאָס מויל ציטערט.

— איך פרעג דיך נאָך אַ מאָל, ווו ביסטו געווען ? — שפּרינגט ער צו צום זון. די באָבע שטעלט זיך האַסטיק אויף. שטעלט זיך אַריין צווישן זיי...

מאיר קוקט פריִער אויף דער באָבען, ער הייבט אויף דעם קאָפּ, רוקט זיך אָוועק פון דער באָבען, קוקט דעם פאָטער גלייך אין די אויגן :

— איך האָב געהאָלפן גראָבן אָקאָפּעס, מען גרייט שוצגראָבנס. דאָ אין שטוב ווייסט מען גאָרנישט... מען ווייסט נישט פון דער סכנה, פון די אַראַבער וואָס שלייפן זייערע ציין און מעסערס אויף אונדז. ס׳איז פּיקוח־נפש פאַר עם־ישראל און מדינת־ישראל.

— וואָס פאַר אַ רייד ? מדינת־ישראל, מדינת־ישראל... ווי קומט עס צו דיר ? און די אַרבעט איז פון אַ בן־תורה ? ער רעדט ווי ער וואָלט געטאָן אַ דבר־מיצווה, השם־ישמרנו, אַפּיקורס, וואָס פאַר אַ תכלית וועט זיין פון דיר ?

דער באָבעס אויגן צינדן זיך אָן.

— נישט קיין אַרבעט פון אַ בן־תורה ?... דווקא יאָ. דיר, אַברהם, דאַרף איך עס נישט זאָגן, דו ווייסט בעסער פון מיר, אַן אישה... איצט, פרישע פורענויות ווילן זיי אויף אונדז ברענגען, די צוררים גייען אויף אונדזער לעבן, זיי ווילן חלילה ברענגען אַ דריטן חורבן. זיין האַרץ און לייב פילט עס, דער באַשעפער זאָל קרעפטיקן אייערע הענט, טייערע קינדער מיינע. יאָ, אַברהם, ס׳איז יאָ אַ תכלית.

— די באָבע זאָל עס זאָגן ? די מאַמע מיינע, די שומרת־מיצוות... אַ פאַרקערטע וועלט, עס וועט חלילה זיין כולו חייב. זיי, די ציוניסטן, פירן צו דערצו, אַ מדינה... נישט דאָס האָב איך דערוואַרט פון מאַירן.

— וואָס פאַרלאַנגט דער טאַטע, כ׳זאָל בלויז קרעכצן און אָכצן, שטיין פון דער ווייטנס, גאָרנישט טון ? עס איז נישט מרידה קעגן אייבערשטן ? די רשעים ווילן פאַרטיליקן דעם נצח־ישראל, מיר דאַרפן זיך נישט לאָזן רודפן און אומברענגען, אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט : „הבא להרגך השכם להרגו״.

— זיי טייטשן ווי זיי ווילן, די טומאה פאַרשטעלט זיך מיט קדושה, אַזעלכע השגות ביי זיי, פרייע קעפּ. ווו איז תפילה ?

די באָבע האָט דערהויבן אירע הענט צום הימל.

— אַ לויב און דאַנק דיר רבונו־של־עולם פאַרן גרויסן זכות צו האָבן אַזעלכע אייניקלעך.

ר׳ אַברהם שאָקלט מיטן קאָפּ, די פאות שאָקלען זיך מיט.

— נו, דאָס איז תפילה... אַ פאַרקערטע וועלט, עס וועט זיין כולו חייב, אַן עונש פאַרן חילול־השם און חילול־הקודש, אַ שטראָף פון השם־יתברך, וויי, וויי, אַ פאַרקערטע וועלט... אַ מדינה... זיי באַלעבאַטעווען, זיי האָבן געמאַכט דעם חשבון.

אַ מדינה, נישט וווען דער אין הימל וועט באַווילקן צו שיקן משיחן ? אויס משיח ? נישט וואַרטן אויף ביאת־הגואל ?... אָבער דער אין הימל פירט זיין חשבון מיט די כופרים ! זיי וועלן באַצאָלן פאַר אַלץ !

ר׳ אַברהם איז געבליבן שטיין אומבאַהאָלפן. דער טרויער האָט זיך

גערייסן פון די אויגן, ווי די וועלט וואָלט אים חרוב געוואָרן, דערנאָך האָט ער זיך האַסטיק אַ הייב געטאָן פון שטול און אַרויס פון צימער.

רבקה האָט זיך פונאַנדערגעוויינט.

— וועמען באַוויינסטו, דו ציג? עס איז דיר, רבקהלע, חס־וחלילה קיין שום שלעכטס נישט געשען — זאָגט די באָבע.

חנה, מיט נאַסע אויגן און פאַרפרעסטע ליפּן, קוקט מיט קרומע, כעסדיקע בליקן אין דער שוויגערס זייט, פאַרציט געדיכט די פאָרהאַנגען אויף די פענצטער.

# אין דערוואַרטונג

זי זיצט אויפֿן באַלקאָן און קוקט צו די געדיכטעביימער און אויף די קעגן־איבערדיקע הייזער. זי קוקט צום אַריינגאַנג, צום הויף ווו קינדער גייען אַריין און אַרויס אונטערשפּרינגענדיק, זי גלעט די קינדער מיט וואַרעמע בליקן. פון דער וויטנס זענען אַלע קינדער אירע, ביז זיי דער־נענטערן זיך צו פרעמדע טירן.

מאָרגן דאַרף זי קוקן צום אַריינגאַנג, מאָרגן...

פאַר וואָס קען אַ מאָרגן זיין אַזוי ווייט?

שוין יאָרן ווי זי וואַרט, און זי האָט נישט געוווּסט צי זי דאַרף וואַרטן. מאָרגן אָבער קומט זי צו פליִען און אפשר מיט אַ שיף? זי ווייסט נישט, די מאַמע. אין טעלעגראַם קורצע ווערטער: איך קום אַהיים.

אַלץ איז שטוב איז גרייט. גרייט אויפֿצונעמען איר קינד, די אָרעמס זענען גרייט זי צוצודריקן צום האַרצן.

זי זיצט דאָ ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן, ווי מיט יאָרן צוריק און טראַכט וועגן אַמאָל, כאָטש זי דאַרף בלויז טראַכטן וועגן מאָרגן.

ווען זי איז אַליין, קומען די געדאַנקען וועגן די טעג, יאָרן, וואָס זענען אַדורך. כאָטש אָפּגעטיילטע צווישן זיך, האָבן זיי זיך איינגעזאַמלט אין איין גאַנצקייט פון וועלכער זי נעמט אַרויס איינצלנע טיילן, שטעכט אין דעם זכרון אין זיי, שפּאַנט אין זיי ווי אין אַ פעלד פון בלומען און שטעכלקעס — ווי דעמאָלט, ווען זי איז געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיטן לעבן.

געווען איז זי אַ שטילע און שעמעוודיקע, אָבער געוווּסט וואָס זי וויל. זיך אָפּגעריסן מיט כּוח פון טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער — קיין ארץ־ישראל.

אויף דער שיף האָט זי אים באַקענט. ער האָט גערעדט וועגן פּאָליטיק, וועגן ביכער, זיי האָבן געטאַנצט האָראָס, געזונגען. ער איז געקומען צו

איר. אין אָנהייב — פאַרשטעלט דעם תוך פונעם קומען, און זי האָט מער געקוקט אויף אים ווי געהערט. געקוקט אויף זיינע געקרייזלטע ברוינע האָר, אויף זיינע פעסטע פלייצעס, מוסקולירטע הענט, זיך געפילט גוט, געהאַט חשק צו זאָגן: ס'איז מיר גוט! זי האָט געלאַכט, האָט ער מיט־געלאַכט, אַ פרייד איז אויפגעגאַנגען אין זייביידן.

— אַ פרעכטיקער טאָג. — האָט ער זי אָנגענומען ביי דער האַנט.

אירע אויגן האָבן געגלאַנצט, זי האָט אויסגעצויגן די צווייטע האַנט, ווי אַריינצונעמען די זונען־שטראַלן. געוואָלט, אַז די טעג זאָלן אייביק דויערן.

ס'איז מיר גוט מיט דיר — האָט ער געזאָגט.

אַוודאי איז איר אויך גוט. וויפל ליכט, וויפל פרייד איז אַרום צע־שפרייט. אַלץ איז גוט, אַלץ איז שיין, דאָס לעבן איז אָנגעפילט, גיסט זיך אַריבער איבער די ברעגן.

די טעג האָבן זיך איבערגעחזרט. פרילינגטעג, זוניקע טעג, פריידיקע טעג.

דערנאָך איז ער אַריבער צו ווערטער, וואָס זענען געקומען פון דער טיפעניש, אָפּגעקלונגען מיט סודותפולער דערוואַרטונג אין אירע אויערן:

— וועסט זיין מיינע.

צווישן איין קוש און צווייטן האָט ער גערעדט וועגן שפּאַצירן אין וואַלד, אין פעלד, וועגן דעם לעבן וואָס דערוואַרט זיי אויף אייגענער געבענטשטער ערד, אין קיבוץ, ווו אַרבעט איז דורכגעפלאָכטן מיט געזאַנג.

זי האָט זיך צוגעהערט מיט ליבשאַפט צו זיינע ווערטער.

פון דער שיף האָט ער זי געפירט צו זיין קרוב. דער קרוב האָט אים פאַרהאַלטן, ער דאַרף טאַקע אַן אייגענעם מענטש צו דער אַרבעט. ער האָט געקוקט אין איר זייט, זיך געוואַקלט.

זי וועט גיין מיט אים ווו ער וועט זי פירן — האָט זי געזאָגט.

פלענער האָט ער געהאַט. פאַר איר וועט ער אַלץ דערגרייכן. זי האָט געקוקט מיט צוטרוי צו אים, און ער — מיט זיין זאָרגן פאַר איר, מיטן

אָפּהיטן זי, האָט ער איר געוואָלט באַלוינען פֿאַר איר ליבשאַפֿט צו אים, פֿאַר דעם וואָס אַלץ איז אין שטוב בצימצום.

און אָט איז געקומען אַ צייט ווען אומרו, זאָרג און געשפּאַנטקייט האָט אַראָפּגעקוקט פֿון יידישע פּנימער. מ׳דאַרף פֿאַרהיטן ס׳לאַנד, ס׳לעבן פֿון יעדן ייִד.

ער איז אַוועק. צוויי קינדער זענען געבליבן מיט איר.

די זון האָט זיך אַוועקגערוקט פֿון אירע פֿיס, פֿון די שטאַכעטן אויף דער טעראַסע, געמאַכט זי אויפֿציטערן. דערמאָנט זי זיך ווייטער:

אַלץ האָט אויסגעזען שלווהדיק אין יענעם מיי־נאָכמיטאָג ווען דער דזשיפּ האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן איר שטוב. עס איז אויסגעשטיגן אַ מאַן, געגאַנגען ערנסט, באַגלייט מיט נייגער פֿון שכנישע שטובן.

איידער זי האָט עס באַנומען, האָט זי דערהערט נעבן זיך טרויעריקע שעפּטשערייען פֿון די איבעראַשטע שכנים, וועגן דעם יונגן לעבן וואָס איז אַוועק:

— די קינדער נעבעך.

זי באַגעגנט דערנאָך שוין די מיטפֿילנדיקע בליקן מיט אויסגעטריקנטע אויגן און פֿאַרפּרעסטע ליפּן.

וואָס האָט זי איצט מער צו טאָן, ווי אין די שטילע שעהען צוריקגיין צו יענע טעג, ווען זי האָט זיך געשפּיגלט אין אים?

ביי יעדן קלונג אין טיר, ביי יעדן אָנקום פֿון אימיצן, לעבט־אויף די שרעק. ווי דאָס בלוט אין די אָדערן לויפֿט עס אַרום אין געביין. מאַכט אַלץ צוריקפֿילן, יענץ געדעכעניש...

זי האָט זיך געשטאַרקט, די כוחות זאָלן זי נאָר נישט פֿאַרלאָזן. זי דאַרף בייקומען דעם פֿאַרמעסט: די קינדער!... לאָזן זיי אויף פֿרעמדע הענט? די פּענסיע סטייעט נישט, אַלץ איז בצימצום, זי דאַרף אַרבעטן.

אייגן לעבן פֿאַדערט, שרייט אין די גרויע טעג, דער געדאַנק פֿויזעט הינטערוויילעכץ, עס ציט צום לעבן.

האָט זי אים באַקענט. אַן אַריסטאָקראַטיש הוסטל האָט ער געהאַט. גערעדט מיט אַ דייטשן אַקצענט. האָט זיך אין איר געוועקט אומרו און

האָפענונג. אין איינעם אַ טאָג זאָגט ער בנעימותדיק: דאָס דאַרף זיין אַזוי, דאָס אַזוי, און אַ דינע אָנצוהערעניש: די קינדער...

כאָטש אַ צאַרטע, אַ צוריקגעהאַלטענע, איז זי געוואָרן ווי אַ פעסטונג. ניין, די קינדער וועט זי באַשיצן מיט די לעצטע כוחות.

עס דערנענטערט זיך צו איר אַ שכן, אַן איינזאַמער, מיט אַ געבויגענער פלייצע. אַ שטילער, אַ פּראָסטער פּועל. זיינע תמימותדיקע אויגן קוקן אויף איר מיט הכנעהדיקער געטריישאַפט. עס ציט זיך צו איר פון אים אַ מאָדנע וואַרעמקייט. אפשר מיט אים? און אפשר בעסער איצט ווי שפּעטער? ווען עס האָט שוין געהאַלטן נאָענט, האָט יורם, איר בכור, געחוזקט פון אים. האָט זי אַ דערלייכטערטע אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

וואָס טוט דאָרט איר יורם אין דער ווייטער וועלט, מיט זיין חוצפּה־דיקער גבורה? ער גייט אַרום פריי פון איין אָרט צום צווייטן, קומט אַהיים, ווי דאָ, פאַרטאָגנס? פרויען פאַרטשעפּעט ער אין די גאַסן? מען פאַרטשעפּעט אים אויך? זאָרגלאָז פאַרברענגט ער מיט זיי? ער געפעלט זיי זיכער מיט זיין געדיכטן קאָפּ האָר, מיטן דרך־ארץ, מיט די ברייטע פּלייצעס. אויב ער וועט אַ מאָל נאָך צוריקקומען אַהיים, וועט ער איר נישט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון, וואָס ער האָט געטאָן. ער איז הפקרדיק פריי, צעכראַסטעט, ער לאָזט נישט צו קיין וויכוחים וועגן זיך, ער האָט אָבער געזאָגט:

— איך וועל צוריקקומען, אמא. צוריקקומען צו דיר און מיין מולדת. אָט האָב איך דאָך דערפילט מיינע פליכטן, געווען אין צה״ל. כ׳וועל צוריק־קומען. איך וויל קענען די וועלט.

און זי וואַרט, וואַרט אויף אים, וואַרט אויף זיי... אויף די קינדער, וואָס האָבן אַן בושה זי פאַרלאָזט. פאַרלאָזט דעם טאַטנס קבר, פאַרלאָזט דאָס לאַנד. די זאָרג וועגן די קינדער, די בענקעניש, דאָס וואָס זי פילט ביי טאָג — קומט אַן ביי נאַכט מיט שרעקעדיקע שאָטנס. עס רייסט אויף די צוים, פאַרפלייצט מיט נישט־קלאָרע פּחדים.

און אפשר איז זי שולדיק וואָס די קינדער זענען אַוועק? געווען

פאַרטאָן, געאַרבעט, געלאָזט זיי אויף פרעמדע הענט? — מאַכט זי זיך פאָרווורפן.

דער ווייטיק פרעסט זי שוין יאָרן מיט נסיונות און פּיין, רייסט שטיקער פון איר לייב, איז אפשר וועט יורם אויך קומען, עס קומט דאָך צוריק דינה, מאָרגן...

שפּרינג, שפּרינג הערצעלע, דו וועסט צעשפּרונגען ווערן — מוסרט זי זיך.

דינהלע.

זי האָט געזען אין אירע אויגן קינאה און הילפלאָזיקייט לגבי איר ברודער, וואָס קען זיך אַלץ דערלויבן.

ווי אַ פלאַנץ וואָס וואַקסט אַרויס פון פּרוכטיקער ערד, איז זי אויס־געוואַקסן צווישן טרוקענע שטיינער.

דאָס פּנים פאַררויטלט, די אויגן גלאַנציקע, דער גוף, די באַקן, ווי צייטיקע פּרוכט.

די מאַמע מאַכט זיך נישט־קוקנדיק, ווען זי גייט אַרויס פון בעט אויף די שפּיץ פינגער, רייסט שטיקער פון אַ צעריסן ליילעך, און וויקלט אונטער די שוין אָנזעעוודיקע בריסטלעך אירע. יעדעס טיילעכל פון איר קערפּער וויברירט מיט לעבן. נאָר זי פאַרגינט זיך נישט צו קוקן אין דער טאָכטערלס זייט אַריין...

איז איר נאָך באַשערט פרייד? דער איינגעבאַקענער טרויער האָט זיך געראַנגלט מיט די אויפבליצן פון פרייד.

אַוודאי קען זי זיך פרייען. דאָס לעבן האָט איר צוגעוואָרפן ברעקלעך נחמה, די זון האָט געגעבן אַ בלענד מיט גאָלד, צעוויגטעביימער אַרום איר שטוב. גרינס. און דאָס לעבן? דאָס לעבן אַליין האָט איר אונטער־געזאָגט: האַלט זיך! האָט זי זיך אונטערגעגעבן, געשמייכלט צו מענטשן, געפריידט זיך מיט דינהן.

געפרייט זיך מיט דינהן.

וואָס וועט זי איר דערציילן? ווי זיי האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן? ווי ליב זיי האָבן זיך געהאַט? ווי גוט ער איז געווען? אַז ער איז געווען

אַ גרויסער העלד? אַוודאי האָלט דינה איר טאַטן פאַר אַ גרויסן העלד, ער האָט דאָך אַוועקגעגעבן זיין לעבן מיט גבורה. זי וועט זען ווי די אויגן פינקלען ביים דערציילן וועגן דער העלדישקייט פון טאַטן. ס'איז גוט צו גלייבן אין העלדישקייט. זאָלן קינדער הערן וועגן שיינקייט, גוטסקייט און גבורה, וועגן די חלומות, וואָס זיי האָבן אַהערגעבראַכט אויף דער דאָזיקער ערד, ווי גליקלעך זיי זענען געווען צו קענען אַהערקומען.

אָבער דינהלע פאַרקרימט די ליפּן און זאָגט:

— ביסט סענטימענטאַל, אמא. שטויות, פּשוטע זאַכן בלאָזסטו אויף. כ'וויל קענען די וועלט ווי יורם.

— נייִן, נישט ווי יורם. זיין פּירונג איז אַ לייכטע. דאָ דאַרפן מיר זיין. די וועלט איז נישט גוט צו אונדז, און יורם...

— שטויות, אמא, נאַרישקייטן. מ'דאַרף קענען די וועלט, ס'איז כדאַי.

און געגאַנגען איז זי דווקא אויף יורמס וועג: געלערנט, נישט גע־ענדיקט, געאַרבעט, נישט געאַרבעט. ביז זי האָט אַהיימגעבראַכט אַ בחור, אַ בלייכן, באַוואַקסענעם. ער האָט געבערענגט אַ גיטאַרע, געשפּילט, גע־זונגען, האַלב אונטער דער נאָז. זיינע צעשפּרייטע נאָזלעכער האָבן איר דערמאָנט אין פלאַטערלעך, וואָס פליִען אַרום אָנגעצונדענע לאָמפּן...

רעדן מיט אים האָט זי נישט געקענט. ער האָט בלויז גערעדט ענגליש. נישט־ייִד, האַלבער־ייִד. עפּעס האָט דינהלע נישט דערזאָגט. האָט זי דען יאָ געוווסט וואָס ער איז? וואָס האָט פאַרבונדן די צוויי וועלטן? נישט מיט גוטן, נישט מיט בייזן, עס האָבן נישט געהאָלפן די וויכוחים און ברוגזן.

— איך בין יונג, כ'וויל לעבן, כ'וויל נישט וויסן פון גאָרנישט! — דאָס איז געווען דער ענטפער אויף אַלעם.

אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט אַוועקגייענדיק, אַרומנעמענדיק דער האַלב־פאַרחלשטער מאַמען:

— כ'וועל צו דיר קומען צוריק, אמאלע, מיר וועלן קומען צוריק. אים געפעלט ישראל. זאָרג זיך נישט וועגן מיר.

זאָרג זיך נישט...

צוויי יאָר...

מאָרגן... די אָרעמס, דאָס האַרץ איז גרייט, אָפּן פאַר איר קינד.

דינה האָט זיך אַריינגעשטעלט אַן אויסגעלאָשענע, אָן וואַליזקעס. אַ ליידיקע. נישט ווי צוויי יאָר, נאָר פופצן יאָר אַרויפגעצויגן אויף זיך.

דער מוטערס אויפגעריסענע אויגן האָבן זיך האַלב פאַרמאַכט.

דינה, אַ שלאַבעריקע, גיט זיך אונטער דער מאַמעס קושן, דערנאָך רייסט זי זיך אָפּ אַ שווייגנדיקע פון דער מוטערס אָרעמס, דרייט אַוועק דאָס בלייכע פּנים.

— דינהלע, קינד, דו ביסט שטאַרק מיד. וועסט עסן, וועסט זיך אָפּרוען.

דינה פאָלגט דער מאַמען מעכאַניש, קוקט אין אַ זייט מיט בלינדע אויגן, שווייגט, דער זייגער קלאַפּט צום טאַקט פון דער מוטערס האַרץ.

— אַבי צוריק, וועסט קומען צו זיך. אין דער היים...

— קום, מיר וועלן דיר קויפן עפּעס אָנצוטון. וועש, אַ קלייד.

דינה ציט קאַלט מיט די פּלייצעס.

— וואָס איז דאָרט דיר געשען? — קוקט די מוטער מיט פּחד און חשד. ווו דער „דאָרט" איז געווען ווייסט זי נישט.

דינה כמאַרעט זיך נאָך מער אָן, שווייגט.

דער מאַמעס האַרץ און די שטוב זענען אָפּן פאַר איר — דינהס האַרץ איז פאַרשלאָסן, דערווייטערט. די מוטער וויל זי אויסזידלען, אויספּאַטשן, שרייען איר אין פּנים אַריין:

— וואָס האָסטו געטאָן מיט דיין יונג לעבן? ערשט צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט! — נאָר זי האַלט זיך איין בכוח און זאָגט בלויז:

— נו, די שיפן זענען דיר דאָרטן אונטערגעגאַנגען?... שוין. דו ביסט אין דער היים, און גענוג.

דער בליק דינהס: טרויעריק־צאַרט, דערנאָך ווייטיקלעך האַרט, זי לויפט אַרויס מיט אַ זעץ מיט דער טיר.

אין די פאַרטאָגן רייסט זיך די מוטער אויף: מען דאַרף עפּעס טאָן פאַר איר, זי איז דאָך דאָ צוריק; זי וועט זי צוריקברענגען צום לעבן; זאָל זי זיין פאַרחוצפּהט, אָבער רעדן...

— אַ פּרעכטיקער טאָג. עס האָט זיך געשטעלט דער פרילינג, פאַר אַ ביסל שפּאַצירן.

— איך נישט.

— דו דאַרפסט...

דינה שאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט.

— עס פעלן בחורים ?...

זי לויפט אַרויס אין צווייטן צימער.

— די וועלט איז אָפן פאַר דיר, נאַרעלע, עפן צוריק דיינע שיינע אויגן, טרייסל זיך אָפּ, עס פּאַסט נישט פאַר דיר...

— הער אויף! — צעוויינט זיך דינה.

די מוטער גייט ווי אויף אַן אָנגעצויגענעם שטריק איבער אַ תהום, זי דאַרף זיך אָנשטרענגען נישט צו פאַלן.

דער היינט, ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן, גיין אַרבעטן, דערנאָך זיך פאַרען אין שטוב, צוגרייטן עפּעס באַטעמטס פאַר דינהלען. זי שלינגט־מיט מיט ליבשאַפט יעדן ביסן וואָס דינה עסט. ווען דינהס פּנים זיין אויס־געלייטערט, וועט די מאַמע שיינען, ווען נישט, וועט זי זיך אויך אָנכמאַרען, זיך ווייטער פאַרען און זיך אַוועקזעצן אַ ליידיקע.

— דו פילסט זיך נישט גוט ? אפשר גייסטו צו אַ דאָקטער ?

דינה הערט און הערט נישט, ווי אַ שאָטן דרייט זי זיך אַרום אין שטוב, די קנאָפּע ענטפערס — לעבלעכע. עפּעס אַן אומהיימלעכע וועלט טראָגט זי אין זיך. אויף איר פּנים שפּורן פון וואַנדער.

וועט זי צאַנקען ? און די מאַמע — אַ פאַרמישפּטע צו כסדרדיקער אַבלות ? אירע אויגן, טיף ווי אין היילן, טראָגן די לאַסט פון די פאַר־גאַנגענע שווערע טעג, איצט זענען זיי אָפן בלויז פאַר דינהן, דאָס פּנים האָט פריצייטיק באַקומען אַן ערדקאָליר, פון עלטער און פון גורלדיקער צוריקבאַהעפטונג מיט דער ערד. וויפל פעלט איר נאָך צו ענדיקן דעם גאַנג ? זי טרייסלט זיך אָפּ: ניין! זי וועט זיך נישט לאָזן.

— דו זעסט, דינה, ווי שיין עס האָט זיך דאָ אַרומגעבויט ? פריִער

האָבן די קינדער געפּילדערט אין הויף, איצטער האָבן זיי דערנעבן אַ שפּילגאָרטן.

עס גייען טעג, וואָכן, די מאַמע וועקט, מונטערט, די טאָכטער לאָזט זיך נישט.

— וואָס קוקסטו תמיד אויף מיר?...

אַ שטילער קידער־ווידער שטעלט זיך איין צווישן זיי, אָבער אין יִיאוש און אין איינזאַמקייט האַלטן זיי זיך צוזאַמען.

ווען דינה האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט די מאַמע שוין אָנגעהויבן שווייגן, אַ באַפּרייטע. געזען, אַז דינה האָט זיך אָפּגעפונען, אַז זי קומט צוריק. און עס קומט צוריק אויך יורם.

*

די קינדער זענען שוין דאָ.

אין איר אַליינקייט זיצט זי אויפן באַלקאָן און קוקט צו די געדיכטע ביימער און קעגנאיבערדיקע הייזער און באַלקאָנען, קוקט צום אַריינגאַנג פון הויף. אפשר וועט דינה היינט קומען, אפשר וועט יורם קומען...

זי קוקט צום הימל מיט זיינע באַוועגלעכע וואָלקנס, דאָ העל־דורכזיכטיקע, דאָ טונקעלע.

זי טראַכט וועגן די טעג, יאָרן וואָס זענען אַדורך, נעמט פון זיכרון אַרויס בילדער, שטעכט זיך איין אין זיי. שפּאַנט אין זיי ווי אין אַ פעלד פון בלומען און שטעכלקעס.

נישט מיט פינצטערער פאַרביטערטקייט פאָלגט זי עס נאָך. זי זעט עס מיטן ליכטיקן בלענד פונעם ווירבלענדיקן באָדן — ווו איר גורל איז אַריינגעוועבט.

אַלץ וואָס זי איז אַדורך דורך די יאָרן איז אָפן פאַר איר ווי דער פרייער האָריזאָנט.

ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, מיט דרייסיק יאָר צוריק, אַלץ איז דאָ, אין אַלע שעהען, מיט איר, אין איר.

# ווי זאַלץ אין עסן

אויף איינער פון שמואל וואַסער־טרעגערס מיידלעך האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין גאַס — אונדזערע אויגן האָבן זיך צופעליק באַגעגנט.

גיטעלע רופט מען זי. זי איז אַ שטילע און איידעלע, די קליינע, זי קען אָבער נישט לייענען און נישט שרייבן. שמואל שיקט נישט לערנען זיינע קינדער. זיי, די עלטערן, קענען אויך נישט קיין תמונת־אות.

פאַר וואָס זאָל דאָס חנעוודיקע מיידל נישט קענען לייענען און שרייבן? — איז מיר געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ, און איך האָב באַשלאָסן גיין צו זיי אין שטוב אַריין, בעטן ביי די עלטערן אַ דערלויבעניש צו לערנען מיט גיטעלען, און אפשר אויך מיט די אַנדערע קינדער. און אין דעם מאָמענט האָב איך באַקומען אָפּשיי פאַר זיך אַליין, ווי איך וואָלט דאָ געגאַנגען אָפּטאָן וועך ווייסט וואָס פאַר אַ העלדישקייט...

שמואל דער וואַסער־טרעגער האָט אַ סך פּראָפעסיעס. אויסער וואַסער־טרעגער איז ער אויך סתם אַ טרעגער, און אַ משרת אין אַ קלייט — אַ מאָל אין אַ מאַרקטאָג, און ער טראָגט איבער די הייזער פּרוכטן צו פאַרקויפן, און פון די אַלע פּרנסות האָט ער קוים אויף ברויט מיט וואַסער. און אַז דער הונגער שפּאַרט אָן — שטרעקט ער אויך אויס אַ האַנט...

אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ געטאָקטן ציגיינערשן פּנים און אַ קורץ שוואַרץ בערדעלע, ווי צוגעקלעפּט צום שפּיץ פון דער גאָמבע. דאָס „ציגיינערשע" פּנים האָט ער, ווייזט אויס, פון געפינען זיך תמיד אויף די וועגן אונטער דער ברענענדיקער זון און פון דעם שטויב וואָס ער וואַשט קיין מאָל נישט אַראָפּ... אויף דעם שוואַרצן פּאַלטאָ, אַרומגעבונדן מיט אַ גאַרטל, נעמט ער קיין מאָל נישט אַראָפּ פון זיך, נישט זומער, נישט ווינטער, נישט שבת, נישט אין דער וואָכן. זיין ווייב גליקע־לאה איז מער אָפּגעהיט אין איר קליידונג וואָס שייך ריינקייט, אַפילו איר גראָבער געלאַטעטער קאָפּטן, פאַרמאַכט מיט אַ זיכער־נאָדל אונטער די

בריסט, איז תמיד ריין אויסגעוואַשן. און איר לענגלעך פּנים, להיפּוך צו שמואלס, איז ווייך און לייטזעליק, אויך אויסגעוואַשן — פון די ריטש־קעלעך וואָס רינען אַראָפּ פון די תמיד־פאַרטרערטע אויגן.

זיי וווינען אין אַ קהלשער דירה, אָפּגעטיילט פון הקדש מיט אַ דין הילצערן ווענטל. די „דירה״ באַשטייט פון אַ לאַנג, שמאָל צימער, מיט אַ פאַרקאָפּטשעט קיכעלע ביים אַריינגאַנג. ביי בײדע זייטן פון די אָפּ־געריבענע, פאַרשוואַרצטע ווענט — צוויי לאַנגע הילצערנע נאַרעס באַ־דעקטע מיט שטרוי און צעפּליקטן בעטגעוואַנט. דורך די בלינדע, שמוציקע שויבן אין די קליינע פענצטערלעך, פאַרשטאָפּטע מיט שמאַטעס, רייסט זיך קוים אַדורך דאָס ביסל טאָגליכט. עס שטיקט אין נאָז און אין האַלדז, ווען מען טרעט איבער די שוועל פון זייער „דירה״ — ריחות פון ציבעלע, קנאָבל און הערינג. און אַ סך מיאוסן זיך צו קויפן פּרוכט ביי זיי.

נישט לייכט איז מיר אָנגעקומען ביי זיי צו פּועלן, זיי זאָלן מיר דערלויבן צו לערנען מיט גיטעלען. מער ווי מיינע „געלערנטע״ רייד האָבן דאָ געהאָלפן די פּעקלעך צוקער, מעל און קאַשע, וואָס כ׳האָב געבומען באַהאַלטענערהייט פון שטוב און געברענגט פאַר די קינדער.

נאָך אַלע גוטע ווינטשן וואָס איך באַקום פאַר די מתנות, מוז איך נאָך אויסהערן לאַהס אַראָפּרעדענישן פון האַרצן, און תמיד די זעלבע רייד און די זעלבע טענות:

— זעסט, קיין עין־הרע, די קינדערשע מיילער ווילן עסן, ס׳האַרץ ווערט ביי מיר צעפּלאַצט אויף שטיקער. ווידער קאַפּושניאַק, ווידער קרויט מיט קאַרטאָפל — כ׳זאָל זיך נישט פאַרזינדיקן פאַר מיינע רייד. פאַר־קרענקען זאָל איך וואָס כ׳האָב היינט געגעסן מער אויסער אַ שטיק טרוקן ברויט מיט אַ ציבעלע.

— דו בייס דיר בעסער אָפּ די צונג — מישט זיך אַריין שמואל מיט אַ געבייזער.

— ער וויסט פון זיין לעבן, פון זיינע הענט און פיס? — רעדט צו מיר וויטער גליקע־לאה אַנוויזנדיק מיט דער האַנט אויף שמואלן — די קינדער גייען אייביק אַרום אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, און ער — וואָס

וויסט ער פון זיין לייב און לעבן? — זי קוקט מיט פאַרטרערטע אויגן, פול מיט ליבשאַפט, אויף די קינדער.

— מאַמע — האָט גיטעלע געמאַנט מיט אַ וויינענדיק, בעטנדיק קול.

— זי האָט זיך צעקוואָקעט ווי אַ קאַטשקע, גיב זיי בעסער עסן — האָט שמואל אויף אַן אמת זיך צעבייזערט אויף זיין ווייב און איז אַרויס מיט אַ בראָזג אין דער טיר.

כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ קעסטעלע צוזאַמען מיט גיטעלען, גענומען דאָס בוך וואָס איך האָב איר געקויפט, אַוועקגעלייגט לעבן איר די העפט און די קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום אונדז אין אַ קרייז. גליקע־לאה האָט נאָך גערעדט צו מיר, כ'האָב זיך אָבער געמאַכט נישט־הערן און נישט־זען.

אין אַ צייט אַרום איז שמואל געקומען צוריק מיט שטיקער ברויט אין די קעשענעס. די קינדער האָבן זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צום טאַטן. אויך גיטעלע האָט גיריק געוואָרפן אירע בליקן אַהין, זיך נישט געקענט באַהערשן — כ'האָב געזען ווי די סלינע איז איר גערונען פון מויל — זי איז מיט אַ מאָל אויפגעשפרונגען פון דעם קעסטעלע און זיך געלאָזט צום טאַטן כאַפּן אַ שטיק ברויט. אויך גליקע־לאה, אַן אויפגעהייטערטע, האָט פאַרגעסן וועגן מיר. זי האָט באַלייגט דאָס ברויט מיט שטיקלעך רעטעך, באַשאָטן מיט זאַלץ, און קייענדיק געמיטלעך געפרעגט ביי שמואלן פון וועמען עס קומט יעדע פּאָרציע און געשאָלטן דעם געבער, אויב די פּאָרציע איז געווען אַ קליינע.

צום ערשטן מאָל האָב איך זי געהערט שעלטן און געשטוינט, אויפ־גענומען אירע רייד מיט פאַרדראָס, ווייל כ'האָב ביז איצט געהערט פון איר בלויז ברכות און קאָמפּלימענטן ווען זי פלעגט באַקומען אַ נדבה פון מיר.

דאָס רעשיקע קייען האָט זיך תמיד פאַרענדיקט מיט אַ קריגעריי און געוויין פון די קינדער, מיט גליקע־לאהס טענות זיי זאָלן זיך שעמען פאַר מיר און מיט שמואלס געשרייען און שטראָפרייד.

פון דעסטוועגן האָב איך נישט מוותר געווען אויפן קומען צו זיי אין

שטוב אַריין און לערנען מיט גיטעלען. וואָס פאַר אַ העלד וואָלט איך געווען, ווען איך אַנטלויף פון דער „פּאָזיציע" צוליב עפּעס אַן אומבאַקוועמלעכקייט ?...

אָבער נישט לאַנג האָט עס געדויערט. נישט באַשערט מיר געווען צו געניסן פון מיין „העלדישקייט" און הערן ווי גיטעלע לייענט.

אין אַן אָוונט איז אַריינגעקומען צו אונדז אין שטוב גליקע־לאה. די מאַמע איז צו צום קרעדענץ און געוואָלט עפּעס דערלאַנגען איר, אָבער גליקע־לאה, אַן אויפגערעגטע, אַ פאַרשעמטע, איז אַרויס מיט איר לשון:

— גוטנאָוונט, זאָגט ניש באַיז, ענטשולדיקט מיר, כ'איבערבעט אייער קוועד, כ'בין נישט דרייסט געווען אַריינצוקומען, נאָר כ'בין געקומען זוגן, אַז גיטעלע וועט זיך מער ניש לערנען. שמואל, עץ ווייס דאָך וואָס פאַר אַ מאַן איך האָב... איך וויל אים דאָ ניש שעלטן. ווי דערלעב איך אים נאָכצוגיין! ער זוגט: זאָל זי מער ניש קומען, זיי ניש ברוגז, ווי מע האָט היינט מונטיק איבער דער וועלט...

— דינסטיק איז היינט — האָט זיך מיין ברודער בייניש אָנגערופן.

— היינט איז מאָנטיק — האָב איך אים אָנגעקוקט מיט פאַרוואורף.

— זאָל זיין דינסטיק, זאָל זיין מונטיק. דאָס איז פון גאָט און דאָס איז פון גאָט. איך בין אים ניש ווערט אָנצורופן זיין ליבן נומען — זי האָט זיך געוואָנדן צו מיר.

— ווי מ'האָט מונטיק צו דינסטיק פון גאָט, ווי כ'האָב צו דיינע טאַטע־מאַמע, זאָלן געזונט זיין, גורנישט. זאָ ניש בייז. כ'בין ניש ווערט דיין מאַמעס קוועד. דיין מאַמע איז אַ צאַדייקעס נאָר ס'טוט אַ ביסיע באַנג. פאַר וואָס איז דער גוי בעסער פון אַ שמיל? וואָס רעד איך?... אַ גוי איז טאָקע בעסער פון אים. אוי וויי איז צו מיר, האָב איך אַ מאַן!... קאָ צורעס פעלן מיר ניש. אָבער פאַר וואָס זאָל ער ניש שלעפּן ביי ענק די זעק תבואה פון די וועגענער, נאָר די גויים?

— כ'בין געווען אים רופן, ער האָט נישט געוואָלט קומען אַראָפּשלעפּן די זעק פון די וועגענער — האָט די מאַמע איר געענטפערט.

— אַזוי גור? זע נור דעם שמדניק, דעם אַנטיסעמיט! — זי האָט

זיך פֿאַרהוסט פֿאַר כּעס, טיף אָפּגעעטעמט און אַרויסגעלאָזן אַ צעצויגע־נעם זיפֿץ.

— זאָ ניש באַיז, כ׳האָב נאָך היינט קאַ טראָפּן וואַרעמס אין מויל ניש געהאַט. אָסור ווי חזיר. דאָס קינד, דער קליינער יינגי, געזונט און שטאַרק זאָל ער מיר זיין, כ׳זאָל אים דערציִען צו אַלעם גוטן — ער איז ניש געזונט, בין איך אין גאַנצן צעדרייט. כ׳בין דאָך אַ מאַמע. פֿאַרשטייסט מיך דאָך. ער איז פֿאַרקילט, האָסט דאָך געזען ביי מיר. דורכן דאָך רעגנט אַריין, די קיך איז צעבראָכן.

— גייט אין דער קהילה, וועט מען עס פֿאַרריכטן.

— געווען, געווען. כ׳קום אַריין, זוג גוטנאָוונט...

— געדאַרפֿט אפשר זאָגן גוט־מאָרגן — האָט זיך ווידער ביי ניש געוויצלט.

— אַי, וואָס האָב איך געוואָלט זוגן? כ׳האָב מיך שוין פֿאַררעדט. ווּעסט מיר ענשולדיקן. כ׳קען דיך נאָך פֿון פֿריִער. פֿון דיין מאַמעס בויך. כ׳האָב דיך ליב ווי זאַלץ אין עסן. ביסט מיין קינד, מיין בלים, ביסט שוין אַ גאַנצע פֿריילין קיינעהאָרע. ווּעסט קריגן אַ פֿיינעם פּאַצעט און חתונה האָבן אין אַ מזלדיקער שו. אָבער כ׳וויל ניש דו זאָלסט לערנען מיט מיין גיטעלען. זי ברויך עס ניש. זי וועט זיין אַ דינסט, קומען צווישן מענטשן, וועט זי ווערן אַ לאַאַט, זיין מיט מענטשן גלאַאַך. זי איז, קאַ בייז אויג, אַזוי אויך קליג, אַ געזינט אין אירע ביינער אַריין, איך שפּיגל זיך אין איר — זי איז פֿאַר גאָט און פֿאַר לאַאַט. איר ראַמסן, איר רעדן! דו ווייסט דאָך אַז ער שעלט מיך, זוגט זי: וואַרט, אַז כ׳וועל זיין גאָר גרויס וועל איך ניש לאָזן שעלטן מאַן מאַמע. זוג איך: גיטעלע, ווּוס ווּעסטו טוען? — זוגט זי: כ׳וועל דעם טאַטע אָפּשלוגן. זוג איך: אַ טאַטע טור מע ניש שלוגן. זוגט זי: זאָל ער מאַן מאַמע ניש שעלטן!

— שמואל, כאָטש אַ רושע, נאָך ערגער ווי אַ אַנטיסעמיט — אָבער מיט דעם איז ער גערעכט. זי ברויך זיך ניש לערנען.

די מאַמע האָט זיך געפּאַרעט אין שטוב, פֿון צייט צו צייט צוגעשאָקלט

מיטן קאָפּ. צום סוף, וועלנדיק אָפּשטעלן אירע רייד, האָט זי געפרעגט:
— איר דאַרפט עפּעס, גליקע־לאה?

— וווס איך דאַרף? וווס ברויך איך ניש? ס'גאַנצע לאַב און לעבן ברויך איך. זאַט ניש באַיז, ענשולדיקט מיר. אַף אַ אורימאַן איז יעדער באַיז. אַ שיינעם דאַנק, רוחל, דאַן מאַמע איז אַ צאַדייקעס, האָט אַ גוט האַרץ — האָט זי זיך ווידער געוואָנדן צו מיר — פאַר דיר וועל איך זיך לאָזן שעכטן. כ'וועל בעטן ביי דעם וואָס כ'ביך אים ניש ווערט אָנ־צורופן, ער זאָל דיר צושיקן אַ לאַטישן פּאַצעט. אוי האָב איך ביי שמואלן פאַרשוואַרצטע יאָרן! מאַנע קינדער האָבן ניש קאַ אַנטיעכץ, וווס זאָל איך פון מיר אויסשנאַדן? האָב ניש קאַ מזל, כאָטש כ'ביך אָפּגעהיטן אין פרומקייט. אַז איך זאַלץ פלייש רינגל איך אַרום דאָס פלייש מיט פיר קופקעלעך זאַלץ פון אַלע זאַטן, און איך זוג דערבאַ: אַ ביסיע שיט איך צו, אַ ביסיע שיט איך צו, אַז אַף יענער־וועלט, איבער הינדערט און צוואַנציק יור, זאָל איך האָבן רו, אַזוי האָט מעך געלערט די מאַמע אולעוו־השולעם.

אין מיטן די רייד איז אַריינגעקומען שמואל מיט צוויי שווערע קויבערס מיט פרוכטן אין די הענט.

— דו רעדסט שוין... — האָט ער זי אָנגעקוקט מיט ביטול.

— פאַרגעס ניש אין וועלכן הויז דו ביסט, דו אַנטיסעמיט, שמדניק! — האָט גליקע־לאה אים אָפּגעענטפערט.

— זי רעדט, זאָל זי רעדן מיר צום הינטן...

— וואַרט צו, ועסט האַנט הובן געקעכטס באַ מיר, שוויע ניע מיט ווינטער־באַלן.

זיי האָבן זיך צעווערטלט און זיך געלאָזט צו דער טיר. ווען זיי זענען אַרויס האָט די מאַמע מיך אָנגעקוקט:

— דיינע געשעפטן...

אָבער די מאַמע, ווי אַלע אין שטעטל, זענען געוווינט געווען צו גליקע־לאהס רייד און אירע קלאָגווערטער. זי האָט תמיד אויף וואָס זיך

צו באַקלאָגן. געוווינט דערצו, נעמט מען זי נישט ערנסט. מען פּטרט זי אָפּ מיט אַ קלייניקייט.

מען דערציילט אין שטעטל, אַז אַ בחור אַ לץ האָט זי אַ מאָל געפרעגט, אָנווייזנדיק אויף איר הויכן מעוברתן בויך — איידער זי האָט געבוירן איר קליין ייִנגעלע:

— סטייטש, גליקע־לאה, דו ביסט תמיד צעקריגט מיט שמואלן, ווי אַזוי קומט עס דערצו?...

— שוואַג! ווי וואַגסטו אַזוי צו רעדן?! דו ווייסט צו וועמען דו רעדסט? טפו צו מאַנע שׂונאימס קעפּ, כ׳בין אַן אורנטלעכע, אַ שטוב מיט קינדער קיינעהאָרע, כ׳בין דאָך ניש קאַ באַהיימע, טפו! — האָט זי אויס־געשפּיגן. — דער אַנטיסעמיט האָט מיך אַרויפגענאַרט אָפן בוידעם, מיך גערופן: „קום נאָר גליקע־לאה, קום, כ׳וועל דיר עפּעס וואַזן", בין איך געגאַנגען. וואָס האָב איך געוווסט?

— אָבער ער רופט דיך דאָך מסתמא אָפּט אויפן בוידעם אַרויף...

— וואָס ווייס איך, כ׳בין דאָך ניש מער ווי אַ זינדיקע ייִדענע — האָט זי געענטפערט מיט אַ תמעוואַטן קול.

*

גיטעלע האָט אויפגעהערט זיך לערנען, און איך בין געוואָרן אויס „העלדין". און אַזוי ווי אירע עלטערן האָבן געוואָלט, איז זי שוין אַ דינסטמיידל. מסתמא וועט זי אויך ווערן אַ „לאַאַט" — ווי איר מאַמע זאָגט — ביי דער פרומער חנה־רבקהן, ווו זי דינט.

גליקע־לאהס קינדער זענען שיינע און געראָטענע. בלויז איינע פון זיי — יורע הייסט זי — האָט אַ דאַר־ביינערדיק, אויסגעצויגן פּנים מיט שיקלדיקע אויגן. און דווקא זי האָט זיך ביי איר יונגן, אפשר פופצן־יאָריקן עלטער, פאַרקוקט אויף אַ פראַנטעוואַטן מדינה־גייער — אַ יונגער מאַנסביל אין אַ לעדערנער קורטקע און אין גלאַנציקע שטיוול מיט הויכע כאַלעוועס.

מיט אָט דעם יונגן פראַנט, וועגן וועלכן מען האָט געשמועסט אַז

ער האָט פיר ווייבער, האָט יורע אַ סך שפּאַצירט, ביז... זי איז אַנטלאָפן מיט אים פון דער היים.

דאָס האָט אַזוי שרעקלעך געווירקט אויף דער גאָטספּאַרכטיקער גליקע־לאהן, אַז זי האָט אויפגעהערט צו רעדן. איר לייטזעליק פּנים איז פאַרפינצטערט געוואָרן. מיט חשד און רוגז האָט זי געקוקט אויף מענטשן. איר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז אַלע רעדן בלויז וועגן איר טאָכטער. און כאָטש מען פרעגט זי נישט, זאָגט זי יעדן מיט וועמען עס קומט איר אויס צו רעדן:

— ער האָט זי מקדש געווען כדת און כדין פאַר פיר עדות.

„עס איז געווען כדת מיטן גאַנצן טראַסק״ — ענטפערט מען איר. און זי לויפט ווייטער איבער דער גאַס אין אירע צו גרויסע, אויסגעדרייטע שיך, ווי אַט, אַט וואָלט זי געפאַלן, און קוקט אַריין אַנגרייפעריש אין די באַגעגנטע פּנימער.

*

יורע, אַן אַנגעליטענע, אַן אָוועקגעוואָרפענע פונעם פּראַנט, איז אַהיימגעקומען. זי גייט נישט אַרויס פון שטוב מחמת בושה. מ׳זאָגט אַז זי איז שוין אין די הויכע חדשים. און לאהן פאַרענטפערט זיך פאַר מענטשן, זי בעט זיך ממש, מען זאָל איר גלייבן:

— ער האָט זי מקדש געווען כדת און כדין פאַר פיר עדות, און אפשר נאָך פאַר מער עדות... זי האָט דאָס פינגערל, מיין קינד וואָלט אַנדערש ניש געוואָלט.

און יורע האָט געבוירן אַ ייִנגעלע.

שטעטלשע ייִדן האָבן געפּראַוועט די ברית־מילה מיט אַ סעודה, ווי עס געהערט צו זיין, און מ׳האָט באַזאָרגט דאָס קינד מיט וועש און וויבּדעלעך.

אין אַ טאָג, ווען כ׳בין געזעסן אין דרויסן אויף דער באַנק, איז צוגעקומען גליקע־לאה און מיך אָנגעקוקט אַנגרייפעריש.

— וואָס הערט זיך, לאה, וואָס איז אײַך? איר זענט עפּעס אַזוי פאַר־טראַכט — האָב איך זי געפרעגט.

— איך טראַכט גורניש. ס׳טראַכט זיך אַליין. אַלע האָבן צו טון מיט מאַן קינד, מאַן בלוט און פליישׁ. האָבן זיי ניש קאַ אייגענע עבירות? ער האָט זי מקדש געווען, ווי מע זוגט, ווי עס ברויך צו זאַן.

— מען רעדט נישט, איך הער נישט רעדן דערוועגן.

איר אָנגעשטרענגטקייט האָט נאָכגעלאָזט. דאָך האָט זי מיר געזאָגט מיט ערנסטן פאָרוואורף:

— דו ביסט אויך ניש די אייגענע וואָס דו ביסט געווען! אַז כ׳זוג דיר, אַז זי האָט דוס פינגערל! כ׳זוג דיר אַז זי...

— כ׳גלייב אײַך, כ׳זאָג דאָך גאָרנישט, איך גלייב אײַך!

— אַלע זענען געוואָרן שלעכט.

— זייט רויִק, לאה, מען רעדט נישט קיין שלעכטס אויף יורען. און...

מיינע ווערטער האָבן זי קענטיק באַרויִקט. נישט דרייסט, מיט אַ שטילער שטים האָט זי מיך געבעטן איר געבן אַ שטיקעלע שמעקזייף צו באָדן דאָס קליינע איניקל.

כ׳האָב זי געפרעגט וועגן איניקל. זי האָט אויפגעשיינט. די תמיד פייכטע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן, געוואָרן מלא־שימחה.

— אַ געזונט אין זאַנע קליינע ביינדעלעך, מיר זאָל זיין פאַר זיין פישעכץ, פאַר זיין מינדסטן נאָגל, רבונו־של־עולם! וואָס איז נעבעך דאָס קליינע נפשל שולדיק? מאַן קליינער ייִנג פרייט זיך מיטן קינד. איך זוג אים אַז ער איז שוין אַ פעטער. ער פאַרשטייט עס ניש, ער איז ערשט אַלט צוויי יאָר — צום געזונט, טאַטע אין הימל! ווי דערלעב איך שוין ער זאָל מיר זוגן: „מאַמע, קיש מיר אין טוכעס״... וועגן מאַן יורען אַ גאַנצע גראַטשקע אין שלעשין! — האָט זי זיך ווידער דערמאָנט.

— לאה, קיינער רעדט גאָרנישט, איך פאַרזיכער אײַך!

— טאַקע? האָט זי אויפגעשיינט און מיך אָנגעקוקט פאָרשנדיק.

כ׳האָב איר ווידער פאַרזיכערט אַז קיינעם אין שטעטל אַרט נישט וואָס יורע האָט אַ קינד.

שוין אין גאַנצן אַ באַרויִקטע, האָט זי מיר געענטפערט מיט אַ פריינדלעכן שמייכל אין די פאַרטרערטע אויגן:

— אַז דו זוגסט... דיר גלייב איך! כ׳וועל בעטן באַ דעם אין הימל, אַז דו זאָלסט קריגן אַ פיינעם פאַצעט. כ׳האָב דיך ליב ווי זאַלץ אין עסן...

# קינדער

1

דאָס געררויש פון די ניימאַשינען איז פאַר גאָלדען געווען די טייערסטע מוזיק. צום טאַקט פון אָט דער מוזיק האָט זי אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומ־געטראָגן, ווי אין אַ טאַנץ, אַרום דעם וואַרשטאַט, באַטראַכט יעדער שטיקל וועש, געהייסן פאַרריכטן דאָ און דאָרט, און אָפט מאָל אַליין געכאַפּט די נאָדל אין האַנט, און אירע לאַנגע פינגער זענען געלאָפן ווי אַ וויכער איבער דעם שטיקל לייוונט.

— הונדערט פאַר אויגן דאַרף מען האָבן פאַר זיי — קלאָגט זיך גאָלדע פאַר איר מאַן — איך גיי אַרויס אויף אַ מינוט, איז שוין אַ שׂימחה אויף זיי, מען לייגט אַוועק די אַרבעט און מען צעשמועסט זיך, מען שפּילט זיך, אַבי די צייט זאָל גיין... און דערצו פּלאָנטערט זיך מיר דער יונג אונטער די פיס, כ'האָב שוין צו אים קיין כוח נישט...

דערפאַר, אַז ס'קומט אַריין אַ שכן אָדער אַ לאַנדסמאַן רעדט שוין גאָלדע אַנדערע ווערטער. פייערלעך צעציינדן זיך אין אירע אויגן און מיט גאווה ווייזט זי אָן מיט איין האַנט אויף די פולע פּאָליצעס מיט סחורה, און מיט דער צווייטער האַנט קלאַפּט זי זיך אין האַרצן:

— מיינס, דאָס איז אַלץ מיינס, מיין קאָפּ, מיין האָרעוואַניע!

— דיינס, דיינס, מיינס גאָרנישט! — כאַפּט אונטער שלמה, איר מאַן, מיט אַן איראָניש שמייכל, ווייל ער פאַרטראָגט נישט איר באַרימעריי.

גאָלדע בלייבט אים נישט שולדיק — זיין איראָניש שמייכעלע האָט זי צערייצט — און אין דער אַנוועזנהייט פון גאַסט גיט זי אים אַרויס אַ רעשט:

— אויך מיר אַ גיבור! בעת מיין אַהערקומען צו דיר אין לאַנד האָסטו פאַרדינט סך־הכל צוויי פּעזעס אַ טאָג, געאַרבעט ביי וואַליזעס. נאָך זעקס יאָר זיין אין לאַנד — צוויי פּעזעס...

— אַוודאי, אַנדערע צייטן געווען. און היינט האָרעווע איך נישט צו גלייך מיט דיר, און אפשר נאָך מער? אַרומלויפן אין גאַס צווישן סוחרים איז ביי דיר גאָרנישט? און ווער זעצט אָפּ די סחורות, דו? — ענטפערט איר שלמה מיט דער זעלבער מטבע.

— אויך מיר אַן אַרבעט! ביי מיר וואָלט עס אַנדערש געקלאַפּט! איך וואָלט נישט געהאַט אַזוי פיל געלט ביי יענעם! — וואַרפט אים גאָלדע אין פּנים אַריין אַ פּילדייטיקן רמז.

גאָלדע האָט געטראָגן אין זיך אַ נישט־געשטילטן כעס אויפן מאַן. אָפט האָט זיך עס אַרויסגעריסן פון איר אין ביטערע טענות: פאַר די זעקס יאָר זיין אַליין, פאַר זעקס יאָר בענקשאַפט, ביז זי האָט, אַ דאַנק איר שווערער האָרעוואַניע זעכצן שעה אין מעת־לעת ביי נייען וועש, אָנגעזאַמלט געלט אויף רייזע־הוצאות, כדי צו פאַרלאָזן איר שטעטל און אָנקומען, איבער ימען, צו איר באַשערטן.

— ביסט אַ שלימזל! — האָט זי פאַרגעזעצט איר אָנגריף אויפן מאַן — נישט געקענט זיך אַפילו אַליין אויסהאַלטן! ווען נישט איך וואָלטסטו ביז היינט געווען אַליין און פאַרדינט צוויי פעזעס אַ טאָג!

— ווייס איך וואָס... געדענקסט, גאָלדע, ווי מיר פלעגןביידע אַרבעטן און זינגען — בייט מיט אַ מאָל שלמה די טעמע, אַריבערגייענדיק אין אַ טאָן פון נאָסטאַלגיע — געדענקסט ווי מיר האָבן געקויפט די ערשטע ניימאַשין? — אַ שיין, רויִק לעבן געווען, און איצט בין איך אַ גאַסט אין שטוב. תמיד פאַרהאָרעוועט, פאַריאָגט, אפילו פאַרן קינד נישטאָ קיין צייט. כ'ווייס נישט צי ס'איז געווען כדאַי?.

— גיי שוין, גיי, חסר־דעה! — ענטפערט אים גאָלדע שוין אַ ביסעלע ווייכער — דאָ איז אַמעריקע, דאָ דאַרף מען האָבן געלט! געלט!

## 2

ווען גאָלדע איז געוואָרן אַ מאַמע האָט זי זיך פלוצעם דערמאָנט אין איר מוטער, אין דער אַלטער היים, אין קליינעם פוילישן שטעטל. אַן אומ־באַקאַנטע ביז איצט וואַרעמקייט האָט זי געפילט צו איר מוטער. וואָס מער

נערוועז און אומרויִק זי איז געווען צוליב דעם וואָס זי האָט נישט קיין צייט פאַרן קינד — אַלץ מער דייטלעך האָט זי געזען אין דמיון די תמיד שרייענדיקע מאַמע מיטן צעפּאַטלטן שייטל און בייזע אויגן, אַלץ מער רחמנות האָט זי געקראָגן אויף דער מאַמען.

איין קלייניקייט! — צען קינדער אין איין צימער! קיין מאָל נישט געווען קיין עסן צו דער זאָט. דער טאַטע, אַ דאָרפגייער, פלעגט איינקויפן ביי די דאָרפישע פויערים אייער, פוטער און עופות, און די מאַמע פלעגט עס טראָגן פאַרקויפן צו די שטעטלשע באַלעבאָסטעס.

אַלץ וואָס די מאַמע פלעגט אויסשטיין פון די באַלעבאָסטעס, האָט זי דערנאָך אויסגעלאָזט צום מאַן און צו די קינדער כפל־כפליים. די קינדער האָבן ליב געהאַט דעם שווייגעוודיקן טאַטן, וואָס פלעגט זיצן שטיל און איינגעבויגן, ווען די מאַמע פלעגט זיך צעשרייען און קלעפּ זענען געפאַלן אויף די קינדערס קעפּ.

פון דער פריסטער יוגנט איז גאָלדע געווינט געווען צו שווערער אַרבעט. געווען קרייזלעך אין שטעטל, הייסע דיסקוסיעס, „רעכטס״, „לינקס״ — איז זי צוגעשטאַנען צו אַ לינקער פאַרטיי. זי האָט ווייניק פאַרשטאַנען וועגן וואָס מען אַמפּערט זיך, אָבער שוין געוווּסט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין יושר אויף דער וועלט, נישטאָ קיין גערעכטיקייט, אַז מען דאַרף די וועלט איבערמאַכן!

איר איז געפעלן, ביז גאָר ליב געווען, צו זיצן אין די אָוונטן אין לאָקאַל, צווישן די אַלע וואָס רעדן אַזוי שיין, ווי אַ גלייכע צווישן גלייכע, מאַרשירן צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע איבער דער הויפּטגאַס, אויף צעפּיקעניש די פּוסט־און־פּאַסטע גבירישע יונגע־לייט און מיידלעך, וואָס האָבן געקוקט אויף איר פון אויבן אַראָפּ. און כאָטש זי איז גיך אַוועק פון דעם קרייזל, טאַקע צוליב דעם ווייל זי האָט נישט געוואָלט איינרייסן מיט איר אַרבעטסגעבער — רימט זי זיך ביז היינט פאַר אירע אַרבעטערינס, אַז זי האָט געהערט צו אַ „לינקער פאַרטיי״. אָבער אַז די אַרבעטערינס פּרוּוון אויסניצן איר „לינקן״ געוויסן און בעטן אַ הוספה, ענטפערט זי זיי אָפּ מיט כעס:

— איר מיינט מסתמא אַז איך שאַר דאָ גאָלד! איך אַרבעט מערער ווי איר, אייך איז אַ סך לייכטער און איר האָט מער פון מיר!...

3

כאָסעסיטאָ איז געוואַקסן כמעט אָן טאַטע־מאַמע. די ערשטע צוויי יאָר האָט ער זיך דערנערט בלויז פון פלעשל — די מאַמע האָט נישט געהאַט קיין צייט אים צו געבן די ברוסט. שפּעטער, ווען ער איז אונ־טערגעוואַקסן און געוואָרן אַ שיין גראָב יִנגעלע, איז דאָס קאָרמען אים געווען אַן אָפּקומעניש סיי פאַר דער מאַמען, סיי פאַרן קינד. גאָלדע פלעגט פאַר אים עפּעס צוגרייטן אויף דער גיך און געשטופּט אים אין מויל אַריין מיט געשרייען און קלעפּ.

כאָסע האָט זיך גיך צוגעוווינט צו דער מאַמעס גוואַלדעווען און נישט געלייגט אויף דעם קיין אַכט — ער האָט געוווּסט אַז סיי ווי ווי וועט די מאַמע באַלד איבערגיין אין אַן אויסבראַך פון צערטלעכקייטן און ער וועט ביי איר אויספירן וואָס נאָר ער וועט ווען. ער האָט געוווּסט אַז אַלע חכמות זיינע ווערן איבערגעחזרט צווישן טאַטע־מאַמע, דערנאָך איבער־דערציילט פאַר פריינד און באַקאַנטע. שווער איז אים נאָר אָנגעקומען צו באַזיגן די מאַמען ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געלט.

— אַ שאָד דאָס געלט, מען דאַרף האַלטן טייער יעדער סענט, אָן געלט איז מען געגליכן צו אַ מת!

שווער געווען פאַרן קינד צו פאַרשטיין אָט דאָס כישוף־וואָרט „געלט" ווי די מאַמע האָט אַריינגעטייטשט. ער האָט נאָר געוווּסט, אַז ווען ער האָט דאָס וואָס הייסט „געלט", וואָלט ער געקענט באַווייזן זיך פאַר די קינדער, וואָס לויפן יעדער מינוט צום קיאָסק, ברענגען פון דאָרט נאַש־וואַרג און רייצן זיך מיט אים ווען ער בעט ביי זיי אַ לעק טאָן פון דעם צוקערל:

— קויף דיר אַליין, איר זייט רייך! — ענטפערן זיי אים און שטויסן אים אַוועק.

איין מאָל, ווען ער האָט זיך אַרומגעדרייט ביי דער מאַמען אין געוועלב, וואָס געפינט זיך בשכנות מיט דעם וואַרשטאַט, איז ער שטיין געבליבן פאַר אַן אָפּענעם שופלאָד און דאָרט דערזען דאָס וואָס אַלע רופן אָן „געלט" — ער האָט דאָס זעלבע געזען ביי די קינדער אין די הענט. אין קיאָסק גיט מען פאַר דעם צוקערלעך און אייזקרעם. דאָס הערצעלע האָט אָנגעהויבן ביי אים האַסטיק צו קלאַפּן פון דער אַנטדעקונג... ער האָט לאַנג נישט געטראַכט, אַריינגעשטעקט דאָס קליינע הענטל און אַרויסגענומען אַ זשמעניע מטבעות.

אויף מאָרגן — ס'איז געווען אַן אָפּרוטאָג — ווען ער איז געזעסן מיט טאַטע־מאַמע אין דערביייִקן גאָרטן, איז ער צוגעגאַנגען צו דער מאַמען און איר דערציילט, אַז דאָ נישט ווייט, אונטער אַ שטיין, ליגט געלט. גאָלדע האָט אויפגעהויבן דאָס געלט — אַ פּעזע מיט זיבעציק סענט — און בעת־מעשה דערזען ווי די קאָלירן אויפן קינדס פּנימל בייטן זיך... איז איר איינגעפאַלן צו פרעגן:

— זאָג מיר נאָר, כאַסעסיטאַ, דו האָסט עס אַוועקגעלייגט?

— ניין, ניין, מאַמע — האָט דאָס קינד קוים אויסגעשטאַמלט און דאָס פּנימל איז אים בלאַס געוואָרן פון שרעק.

— זאָג דעם אמת, כ'וועל אויף דיר נישט שרייען — האָט שוין די מאַמע אים נישט אָפּגעלאָזן.

— ניין, מאַמע, כ'שווער זיך...

— שווערסט ביי מיין געזונט, ביי מיין לעבן?

דאָס איז שוין געווען פאַר כאַסעסיטאָן צו פיל. „ביי איר געזונט", „ביי איר לעבן" — ער האָט נישט געקאָנט נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די מאַמע האָט אים געלערנט: אויב ער וועט שווערן פאַלש, וועט ער זיין שולדיק אין איר טויט. דער מאַמעס מיטל האָט געווירקט און ער האָט זיך פונאַנדערגעכליפּעט, באַפרייענדיק זיך פון אַזאַ שווערער לאַסט:

— יאָ, כ'האָב גענומען פון שופלאָד...

— שלמה! — האָט זיך גאָלדע צעשריִען, ציִענדיק דעם מאַן ביים

אַרבל, — אַ בראָך איז אונדז געשען! ער וואַקסט אַ גנב, אַ גזלן! וואַרט, אין דער היים וועלן מיר זיך אָפּרעכענען מיט דיר! — און ווי אַן אַוואַנס, אַראָפּגעלאָזט כאַסעסיטאָן אַ פייערדיקן פּאַטש אין פּנים אַריין.

ערשט ווען דאָס קינד האָט זיך מוראדיק צעשריִען האָט שלמה אַוועק־געלייגט די צייטונג אין אַ זייט, זיך אויפגעהויבן פון וויגשטול און איז צוגעגאַנגען באַרויִקן דאָס קינד, נישט באַנעמענדיק אין אָנהייב, ווו זעט דאָ גאָלדע גנבים און גזלנים.

פון דעמאָלט אָן איז שוין כאַסעסיטאָ געבליבן מיטן צונעמעניש „גנב״. ס׳איז געווען נאָר אַן אָנהייב. שפּעטער אַ ביסל, צוליב אַ „נאַטירלעכער״ געשעעניש אין דער משפחה, איז זיין פּאָזיציע אין גאַנצן געפאַלן און ער איז געוואָרן אויס יחסן.

4

דאָס ניי־געבוירענע שרייענדיקע באַשעפעניש האָט צוגענומען פאַר זיך אַלע צערטלעכקייטן פון די עלטערן און ביי כאַסעסיטאָן איז געוואַקסן דער פאַרדראָס אויף טאַטע־מאַמע און די קינאה צו זיין שוועסטערל.

גאָלדען האָט גערייצט וואָס דער קליינער „גנב״ האָט נישט ליב זיין שוועסטערל און האָט נאָך מער פאַרביטערט זיין לעבן:

— כאָסע, מיר זענען אַליין, קיינער זעט נישט — פלעגט זי אים פּראָוואָצירן — לאָמיר אַוועקשענקען ראָסיטאַן דעם „אַלטן מיטן זאַק״. מיר וועלן אַפילו דעם טאַטן נישט דערציילן.

— יאָ, מאַמע, שענק זי אַוועק, מיר דאַרפן זי נישט, כ׳וועל קיינעם נישט דערציילן...

— גוואַלד, אַ מערדער וואַקסט אין שטוב! — פאַלט אָן אויף אים די מאַמע און ווידער הילכט אָפּ אַ פייערדיקער פּאַטש.

ראָסיטאַ, ווען זי איז אונטערגעוואַקסן, האָט גיך פאַרשטאַנען, אַז זי האָט די אייבערהאַנט איבער איר עלטערן ברודער און עס גענוצט אויס־גענוצט. שפּעטער אַ ביסל איז זי שוין געוואָרן די אַבסאָלוטע הערשערין אין דער משפחה. זי דאַרף נאָר שרייען, וויינען, טופּען מיט די פיס — און זי פירט אויס אַלע אירע קאַפּריזן.

— קוק זי אָן, ווי נערוועז זי איז — טענהט גאָלדע צו איר מאַן אַנווייזנדיק אויף דער קליינער — פון וואַנען נעמען זיך ביי היינטיקע קינדער אַזעלכע נערוון?

און אַז כאָסע האָט איין מאָל אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער שער איך טיש, ווייל ער האָט נישט געקענט מער צוזען ווי די מאַמע גיט נאָך דער שוועסטער אירע ווילדע קאַפּריזן, איז גאָלדע געלאָפן פאַרמסרן אים פאַרן טאַטן:

— ער איז דאָך אַן אידיאָט! וואָס קלאַפּט ער מיט דער שער, דער גנב, דער אידיאָט?!

5

ווען כאָסע האָט פאַרענדיקט די עלעמענטאַר־שול איז ער געקומען צו דער מאַמען בעטן געלט אויף ביכער פאַר דער מיטלשול.

— קויף געניצטע, וועט עס קאָסטן ביליקער! — האָט אים די מאַמע צוגעוואָרפן.

— כ׳בין נישט קיין אָרעם יינגל, כ׳וויל נייע ביכער! — האָט זיך כאָסע קעגנגעשטעלט.

— נייע ביכער? אַזוי גאָר? — האָט אים די מאַמע געמוסרט — דו אַרבעטסט אויפן געלט?

כאָסע האָט באַשלאָסן נישט נאָכגעבן. אָן נייע ביכער גייט ער נישט אין שול! פאַר דער קליינער קאַרגט מען קיין מאָל נישט קיין געלט, און פאַר אים איז נישטאָ אויף ביכער? ניין, דאָס מאָל וועט זי ביי אים נישט אויספירן.

אויך די מאַמע האָט זיך איינגעעקשנט און צום סוף איז געבליבן: אויס לערנען, מען שיקט אים צו אַ לאַנדסמאַן אַרבעטן פאַר אַ קליינעם לוין.

דער בעל־הבית האָט זיך אָפּט באַקלאָגט אויף אים — ער איז פויל, וויל נישט אַרבעטן, שטימט נישט מיט די אַנדערע אַרבעטערס.

כאַסע האָט געוווּסט אַז דער בעל־הבית פאַרמסרט אים פאַר טאַטע־מאַמע און נישט געהאַט קיין חשק זיך אומצוקערן אַהיים נאָך דער אַרבעט. ער פלעגט אַרומבלאָנדזשען אין די גאַסן ביז שפּעט אין אָוונט, מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, אַריינגעקוקט אין די שויפענצטער, גלייכ־גילטיק, אָן אינטערעס. צום סוף, מיט אַ געזונקענעם קאָפּ, אַריינגעשטיגן אין טראַמוויי, וואָס האָט אים, דאַכט זיך, אויך אָן חשק, געבראַכט אַהיים.

ווי נאָר ער פלעגט זיך באַווייזן אויף דער שוועל, פלעגט די קליינע לויפן אָנזאָגן דער מאַמען, אַז דער „אומזיסטער פרעסער" איז שוין דאָ — אַזוי האָט אים די קליינע גערופן איבערחזרנדיק דער מאַמעס ווערטער — און עס הייבט זיך אָן צווישן פופצן־יאָריקן ברודער און דער אַכט־יאָריקער שוועסטער אַ קריגערייַ ביז די מאַמע מישט זיך אַריין:

— אומזיסטער פרעסער, אידיאָט, טשעפּעסט זיך שוין ווידער מיט דער קליינער? וואָס האָב איך פון דיר? ברענגסט מיר פרנסה אין שטוב? — און זי האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אים מיט דער פויסט.

— איך קום מער נישט צוריק — האָט ער אויסגעשריִען פרווונדיק אַרויסרייסן זיך פון דער מאַמעס הענט.

כאַסע האָט זי אָפּגעשטופּט פון זיך מיט אַ גוואַלדיקן כוח און אַנטלאָפן, פאַרקלאַפּנדיק הינטער זיך די טיר.

די מאַמע איז שיִער נישט אומגעפאַלן, האָט זיך צעשריִען מיט ווילדע קולות:

— גוואַלד, שלמה, ער הרגעט מיך!

שלמה איז איר נישט געקומען צו הילף, ווייל ער איז אין שטוב נישט געווען, ווייל ער איז קיין מאָל אין שטוב נישטאָ בעת די קריגערייען.

ווען גאָלדע האָט זיך באַרויִקט, האָט זי זיך ווידער צוגעזעצט צו דער קליינער און איר אָנגעוויזן אויפן טעלער, שטופּנדיק איר דאָס ביסן אין מויל אַריין:

— ער מוז זיין לײדיק, ביזן דנאָ. אויב וועסט נישט עסן, וועט די מאַמע שטאַרבן און דו וועסט זיין שולדיק.

אָבער די קליינע נעמט זיך ווייניק וואָס איבער מיט דער מאַמעס

סטראַשונקעס. די מאַמע איז סוף־כל־סוף מוותר, טוליעט זי צום האַרצן און באַקלאָגט זיך פאַר איר אויף כאָסען:

— זעסט, דאָס איז אַלץ פאַר מיין גוטס! זעסט ווי ער דאַנקט מיר אָפּ? וואָס האָב איך אַלץ נישט געטאָן פאַר אים?

# אין ראַלוועגעלע

1

געל־גאָלדענע שפּליטערלעך פון דער בלאַס־צעשמייכלטער זון, וואָס איז מיט אַ מאָל אַרויסגעשווומען פון אונטער די וואָלקנס, האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין צימער דורך די שפּאַרונעס פון די האַלב־אָפענע תריסים, זיך צעטאַנצט איבער די לאַנגע פאָרהאַנגען ביי די פענצטער, זיך צעפינקלט אין צענדליקער פאַרבן אויף דעם קרישטאָלענעם זשיראַנדאָל אונטערן באַלקן, און אַראָפּגעפאַלן אויף דעם געבלימלטן טעפּעך לעבן דעם אינוואַלידן־וועגעלע, און נעלם געוואָרן, ווען די זון איז צוריק אַרונטערגעשווומען אונטער די וואָלקנס. ווידער האָט זיך צעשפּרייט אַ קאַלטע טונקלקייט איבערן צימער — דער ווינטערטאָג האָט צו וויסן געטאָן אַלעמען, אַז ער איז דאָ באַלעבאָס.

אורי זיצט אויפן בעט אומבאַוועגלעך און שטום. אויפן נאַכט־טישל ביים בעט ליגט אַן אָפּענער זשורנאַל, און פון דעם אָנגעצונדענעם לעמפּל מיטן רויטן אַבאַזשור צעקריכן זיך אומהיימלעכע שאָטנס אויף די ווענט, אויפן סופיט און אויף די צעשלענגלטע שורות פון צעעפנטן זשורנאַל.

נאָך לאַנגע שווערע חדשים אין שפּיטאָל זיך צוריקקערן אין דער אייגענער היים צום ווייב און קינד, ליגן אין אייגענעם בעט — איז דען פאַראַן אַ גרעסער גליק? טאָ פאַר וואָס פילט ער נישט, אורי, די פרייד פון צוריקקער?

אפשר דערפאַר ווייל דאָרט, אין שפּיטאָל, אונטער דער שליטה פון דאָקטוירים, איז אים לייכטער געווען צו לאָזן זיך פירן פון דער אילוזיע?... אַלע — דער פּסיכאָלאָג, די דאָקטוירים — האָבן זיך באַמיט פאַר אים, געהאָלפן אים בייקומען דעם ערשטן שאָק, דעם אומווילן צו לעבן, דערמוטיקט אין אים דעם גלויבן, אַז סוף־כל־סוף וועט ער קענען שטיין און גיין, אַרבעטן און פירן אַ נאָרמאַל לעבן.

וואָס שייך אויפשטיין פונעם בעט און באַפרייען זיך פון שפּיטאָל, גלייבט ער זיי, די דאָקטוירים. אָט זעט ער דאָך מיט זיינע אייגענע אויגן ווי די וואָס גייען דאָ אַרום אויף קוליעס פּילן אויס זייערע טעג אין אָפּטע שפּאַצירן איבער די קאָרידאָרן, אין פלירטעווען מיט די קראַנקן־שוועסטער, און הילכיקע, לעבנסלוסטיקע געלעכטערס באַגלייטן זייערע באַגעגענישן מיט חברים און פריינד וועלכע קומען צו זיי אין שפּיטאָל.

און דאָך עקבערט אים אַ שווערער, שוידערלעכער פּאַרדאַכט. ער געדענקט, אַז שוין דעמאָלט, גלייך נאָכן באַפרייען זיך פון נאַרקאָטישן טשאַד, אויף מאָרגן נאָך דער שווערער אָפּעראַציע, ווען ער האָט דערפילט אַז די אונטערשטע העלפט פון זיין גוף איז איינגעשמידט אין אַ בלייענעם פּאַנצער, האָט זיך אין זיין פאַרנעפּלטן מוח איינגעקריצט דער חשד, אַז נישט נאָר די פיס האָט ער פאַרלוירן.

ער דערמאָנט זיך ווי נעמי איז געזעסן לעבן אים, אים געגלעט און דערמוטיקט: „וועסט געזונט ווערן, טייערער", און אַ בלאַסער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר מידן, אומרויִקן פּנים. „וואָס מיינט זי דער־מיט" — האָט אורי דעמאָלט געטראַכט — „זי ווייסט שוין, צי זי ווייסט נאָך נישט?"

איין מאָל האָט ער געזען ווי זי איז צוגעגאַנגען צום דאָקטאָר און דער דאָקטאָר האָט זי אַרויסגעפירט אין קאָרידאָר, כדי דאָרט ממשיך זיין זייער דיסקרעטן געשפּרעך. נעמי איז נישט צוריקגעקומען. ער האָט מיט אומגעדולד געקוקט צו דער טיר, געוואַרט. אין אַ צייט אַרום איז אַריין דער דאָקטאָר, צוגעגאַנגען צו זיין בעט און מיט אַ געמאַכטן שמייכל — אורי האָט אַרויסגעשפּירט דעם אַרויפגעצווונגענעם שמייכל — אים דערציילט:

„דיין פרוי האָט דיך געלאָזט גריסן. זי האָט זיך געאיילט. געוועזן דאָ אירע אַ באַקאַנטע מיט אַן אויטאָ, האָבן זיי זי מיטגענומען. זי האָט געבעטן דיר איבערגעבן, אַז מאָרגן וועט זי קומען."

נעמי האָט איבערגעלאָזט אויפן שטול איר זשאַקעט אין איילעניש... אָבער אורי האָט געשפּירט: דער דאָקטאָר האָט אים נישט אַלץ דערציילט.

דריי טעג איז נעמי נישט געקומען.

אוריס מאַמע האָט זי פאַרענטפערט: „נעמי איז נישט מיט אַלעמען, די לעבער מאַטערט זי, ס׳האָט איר, ווייזט אויס, עפּעס פאַרשאַט.״

נעמי איז געקומען אַ פאַרענדערטע: דאָס פּנים בלאַס און צעצויגן, מיט שוואַרצע רעדער אונטער די אויגן. זי איז געזעסן לעבן אים אַן אויסגעלאָשענע, נישט־דאַיִקע. זי האָט אים נישט געצערטלט ווי תמיד, געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן זיך: „געווען אַ טאָג אין בעט, אָבער ס׳איז מיר שוין בעסער״.

שפּעטער האָט נעמי ווידער זיך אָפּגעגעבן מיט אים, ווי פריִער, איידער זי איז נעלם געוואָרן אויף עטלעכע טעג. זי איז ווידער געקומען יעדן טאָג, געזעסן לעבן אים, געהאָלפן אים לערנען זיך גיין אויף די פּראָטעזן, געטרייסט און דערמוטיקט אים, אַז נאָך אַ ביסל, ער וועט אַרויס פון שפּיטאָל און וועט זיך צוריקקערן צו אַ נאָרמאַל לעבן, און אוריִן האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט, אַז נעמיס פּנים ווערט פאַרוואָלקנט ווען זי דערמאָנט דאָס „נאָרמאַל לעבן״.

אורי קען זיך נישט באַקלאָגן אויף נעמין. אויך איצט, אין דער היים, העלפט זי אים מיט וואָס נאָר זי קען, פאַרלויפט אים דעם וועג, ער זאָל נישט אַרויספילן צו שטאַרק זיין אומבאַהאָלפנקייט.

אָט ברענגט נעמי אַריין דאָס קינד. זיינע ברוינע אייגעלעך אויסגע־וואַשענע, אויסגעבאָדענע פונעם אָקערשטיקן שלאָף, דאָס פּנימל פאַררויטלט פון זייגן דאָס דיקע פינגערל. נעמי באַדעקט דאָס פּנימל און גופעלע פון קינד מיט הייסע קושן און די קליינע לאַכט און טוליעט זיך צו דער מאַמעס פּנים. און ווען די מאַמע לאָזט זי אַראָפּ אויפן דיל לעבן טאַטן, וויל זי גאָר אויפן טאַטנס שויס: „אַבאַ!״ — פירט זי מיט די הענטלעך איבער די ראַנדן פון וועגעלע, ווייזט ווו זי וויל זיך זעצן. נעמי זעצט זי אַוועק, אויף אַן אויגנבליק, אויפן ראַנד פון וועגעלע, הוידעט זי אין דער לופטן און שטעלט זי צוריק אויפן דיל לעבן טאַטן.

אורי גלעט דאָס קינד איבערן קעפּעלע און זיינע אומעטיקע אויגן פילן זיך אָן מיט אַ גליקלעכער פייכטקייט. און ווען ער ווענדט זיינע

בליקן, אויף אַ רגע בלויז, צו דער שמייכלענדיקער מאַמע, ווערט זיין פּנים ווידער אַפּאַטיש. נעמי איילט אַוועק און קומט צוריק מיט אַ לאַנגן כאַלאַט, גיט עס אורין.

— טו אים אָן, דאָס קינד קוקט — זאָגט זי צו אורין אָנווייזנדיק אויף זיינע ביז אַרויף פאַרוויקלטע הויזן און באַמיט זיך דערביי נישט צו קוקן אים אין פּנים אַריין.

אורי ענטפערט נישט, אָבער נעמי גייט צו און העלפט אים אָנטאָן דעם כאַלאַט, פּרווונדיק פאַרגלעטן דעם שלעכטן רושם וואָס אירע נישט־פאַרזיכטיקע רייד האָבן אַרויסגערופן ביי אורין:

— ס׳איז דאָך בעסער צו זיצן אין כאַלאַט, ס׳איז אויך וואַרעמער, וועסט דאָך מסתמא נישט גיין היינט מער, דאַרפסט זיך אָפּרוען...

אורי שווייגט. ער איז גלייכגילטיק צו אירע צערטלעכקייטן. ער מאַכט זיך נישט זען, ווען זי זעצט זיך נאָענט צו אים, ער שטרעקט אויס די האַנט צום שאַכטל פּאַפּיראָסן, פאַררייכערט, און הערט נישט אויף צו רייכערן, אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס, ביז זי גייט נישט אַוועק פון אים, נאָך דעם ווי זיי האָבן גערעדט צווישן זיך וועגן קלייניקייטן, נאַרישקייטן, בלויז כדי נישט צו זיצן שטום.

נעמי איז גוט צו אים, זי פאַרשטייט אים, אָבער עפּעס בונטעוועט זיך שוין אין איר. טייל מאָל, ווען זי זאַמט זיך לאַנג אין גאַס, אין מכולת, אָדער ביים דערליידיקן פאַרשיידענע ענינים, בייזערט ער זיך אויף איר, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, קוקט אויף איר אַ צערייצטער, זי שפּירט עס. זי אַליין פילט אויך אַז זי פרעמדט זיך אָפּ פון אים. מיט אַלע אירע חושים פילט זי עס. זי וויל עס נישט אַרויסברענגען אויפן געדאַנק, אָבער ער דענערווירט זי מיט זיין אויפפירונג. אויך די שוויגער, אוריס מאַמע, דענערווירט זי. האַלט אין איין טעלעפאָנירן, „וואָס מאַכט איר תינוק?״, דאָס פּיצעלע קינד... די שוויגער איז געוואָרן אַ שותפטע צו איר לעבן. נעמי פילט ווי אַ שטריק פאַרוויקלט זיך אַרום איר האַלדז און שטיקט זי, שוין חדשים אַזוי, זינט אורי איז אַרויף אויף אַ מינע, בעת די מאַנעוורעס פון זיין מיליטערישער אָפּטיילונג.

דער טעלעפאָן קלינגט שוין ווידער. יאָ, ס׳איז טאַקע די שוויגער. איר גאַנצע ביטערניש וועט זי אויסלאָזן צו איר.

— דיין מאַמע — זאָגט נעמי צו אורין — אַ נייעס ביי מיר אַז זי וועט קומען... די אַלץ־ווייסערקע, זי וועט ווידער מיטברענגען גוטע עצות...

2

די מאַמע זיצט לעבן אורין, גלעט אים און מאַכט אים פאָרווורפן וואָס ער איז נישט ראַזירט און נישט פאַרקעמט. און נעמין ברענגט עס אַרויס פון געדולד. די שוויגער מאַכט זיך אַז זי באַמערקט נישט נעמיס פאַרביסענע ליפּן און איז ממשיך אין זעלבן מוסר־טאָן:

— נעמי, דו פאַרגעסט אין גאַנצן וועגן זיך. טיילסט סאַנדוויטשן — און דיין טעלער איז ליידיק. פאַרזוך מיין קוכן, וואָס איך האָב געבראַכט. דאַרפסט זיך אָפּהיטן, דו זעסט אויס מיד. איך וועל נעמען דאָס קינד אויף אַ שפּאַציר.

— מען דאַרף נישט, אַ דאַנק. כ׳בין נישט קיין תינוקת — ענטפערט איר נעמי.

נעמי פילט, אַז אין דער כלומרשטער גוטסקייט וואָס די שוויגער ווייזט איר אַרויס, איז פאַראַן אַ באַהאַלטענע שינאה, אַ מורא אַז די שנור וועט באַוועלען איר קינד. זי זעט ווי די שוויגער באַטראַכט איר יונגן, זאַפטיקן קערפּער, וואַרפט אַ בליק אויף איר אומבאַהאָלפענעם זון און זיפצט. נעמי פאַררויטלט זיך, זי פאַרשטייט דער שוויגערס זיפץ, כאָטש יענע גיט צו, אַז זי זיפצט צוליב איר בלוטדרוק.

אויך אורי כאַפּט אויף יעדער ניואַנס אין דעם געשפּרעך צווישן נעמין און זיין מאַמען. פאַר דער צייט וואָס ער איז אין שטוב איז זיין בליק געוואָרן שאַרפער, דאָס געהער אָנגעשפּיצט. ער נעמט אויף מיט חשד זייער זאָרג וועגן אים און זייער איבערקוקן זיך. ער זעט ווי נעמי בייט זיך, ווען זיינע יונגע חברים קומען אים באַזוכן. אים דאַכט זיך אַז אירע אויגן באַקומען מיט אַ מאָל אַ לעבעדיקן גלאַנץ, זי לויפט גלייך

אין באָדצימער און קומט אַרויס אַ פאַרקעמטע, אַן אָנגעפאָרבענע. זי חנדלט זיך צו זיי, און זי איז זיך מטפל מיט זיי — שוין אַ ביסל צו פיל, אַזוי דאַכט זיך אים...

לאַנג לאָזן אים נישט די חברים זיך גריבלען אין די געדאַנקען — זיי מאַכן זיך פריילעך אויף זיין חשבון און צווינגען אים אַרויף אַ שמייכל אויף די פאַרשלאָסענע ליפּן.

אין די אָוונטן קומט צו אים דער פעטער אַהרון. ער זעצט זיך אַוועק לעבן זיין ראָלוועגעלע און פּרוּווט פאַררעדן אים די ציין:

— נישט געזאָרגט, אורי, עס האָט געקענט, חלילה, זיין ערגער... פאַרלאָז זיך אויף דער מעדיצין! אָ־וואָ, כ׳האָב געהערט וועגן איינעם וואָס האָט פאַרלוירן ביידע פיס און, דאַכט זיך, אַ האַנט אויך, און ער פירט שוין היינט אַן אויטאָ...

זיי זענען עולים־חדשים, דער פעטער מיט דער מומען, ווילע מענטשן, זיין טובה מיינען זיי, ער פאַרשטייט זיי — הערט ער זיי אויס געדולדיק, אָבער ענטפערט נישט, שאָקלט נאָר צו מיטן קאָפּ.

אַ סך שווערער איז אים אין די נעכט, ווען ער בלייבט אַליין מיט נעמין. ער דרייט זיך אויפן געלעגער פון איין זייט אויף דער אַנדערער, און דער ווייטיק פון דעם נאָך נישט פאַרהיילטן פלייש ביי די פאַרבליבענע קנעכלען דערמאָנען אים אין זיין אומגליק.

אויך נעמי, נאָך איר ערשטן, שווערן שלאָף, ליגט אַ וואַכע. זי ווייסט, אַז אויך ער איז וואַך. זי וואַרט ער זאָל רעדן צו איר, אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן. מען דאַרף קלאָר מאַכן אַ סך זאַכן. אָבער ער שוויגט עשקנות־דיק. זי וויל דאָך פון אים גאָרנישט, זי פאָדערט נישט... זי פאַרשטייט. זי וויל נאָר ער זאָל זי גלעטן, דאָס איז דאָך נישט שווער פאַר אים — זי בענקט אַזוי, שוין חדשים לאַנג, נאָך דעם באַריר פון זיין האַנט... זי איז דאָך יונג, דריי און צוואַנציק יאָר אַלט, דאָס דריטע יאָר ווי זיי האָבן חתונה געהאַט — גליקלעכע יאָרן געווען, אָנגעפילט מיט ליבע און שיינקייט.

נעמי האָט אַ דריק געטאָן דאָס קנעפּל פון נאַכטלעמפּל. אורי האָט

זיך אויסגעדרייט צו איר און פאַרזשמורעט די אויגן, צוליבן ליכט וואָס האָט אים אַ שניט געטאָן אין פּנים אַריין. זי איז געלעגן אין גאַנצן נאַקעט, אין דער קוּוער פון בעט, באַדעקט מיט אַ רויטער שיין, וואָס איז געפאַלן אויף איר פונעם נאַכטלעמפּל, און אורין האָט זיך אויסגע־דאַכט, אַז איר נאַקעטער קערפּער איז אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען.

אַ פאַרשטיקטער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון אירע לונגען. זי האָט זיך צוגערוקט צו אורין, אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט ביים האַלדז, זיך צוגעדריקט צו אים מיט איר ברענענדיקן גוף, און אירע פולע, אָנגעקוואָלענע בריסט, ווי באַפרייטע פון פּענטעס, האָבן זיך איינ־געגעסן אין זיין האַריקן לייב. זי האָט געזוכט זיינע ליפּן, באַדעקט זיין האַלדז, זיינע אַקסלען און הענט מיט תּאווהדיקע קושן, ביז זי האָט דער־פילט אַ דערלייכטערונג.

אוריס פאַרטריקנטע ליפּן האָבן זיך געלאָזט קושן. ער איז געווען געדולדיק צו איר פלוצעמדיקן אויסבראָך. דערנאָך האָט ער זיך אויס־געדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט — נישט געוואָלט זיך באַגעגענען מיט אירע מאָנענדיקע בליקן.

ס'האָט אָנגעהויבן שאַריִען אויף טאָג. די שמאָלע ליכטפּאַסמעס, וואָס זענען אַריינגעדרונגען אין שלאָפצימער דורך די פאַרמאַכטע תּריסים, זענען אַרומגעקראָכן איבער די ווענט ווי לאַנגפיסיקע מאָנסטערס.

סיי אורי, סיי נעמי זענען געלעגן מיט אָפענע אויגן, צום סופית אַרויף. נעמי אַ מידע, אַ צעשרויפטע, אורי — אַפּאַטיש, פאַרשלאָסן אין זיך.

נעמי האָט די ערשטע איבערגעריסן דאָס אומאָנגענעמע שווייגן:

— אורי, פון מאָרגן אָן וועל איך זיך אויסבעטן אין סאַלאָן אויף דער סאָפע — האָט זי געזאָגט מיט אַן אונטערגעשטראָכענער מילדקייט און מיט הכנעה אין איר שטים — כדי דו זאָלסט קענען רויִק שלאָפן, ס'וועט דיר זיין לייכטער...

אורי האָט געענטפערט אָן ווערטער, בלויז באַוועגט מיטן קאָפּ אויף יאָ, דאָס הייסט, זאָל זיין אַזוי ווי זי וויל. דערנאָך איז ער געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיך געוווּנדערט ווי לאַנגזאַם די צייט באַוועגט זיך.

שוין אַריבער אַן אייביקייט פון דעמאָלט ווען ס׳האָט אָנגעהויבן שאַר׳ען אויף טאָג, ווען נעמי האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער: „פון מאָרגן״, און ס׳איז נאָך אַלץ היינט. און וואָס וועט זיין שפּעטער, נאָך דעם מאָרגן? וועט די צייט זיך נישט שלעפּן אַזוי לאַנגזאַם ווי איצט?